# פֿאַמעלן וועגן די נביאים

פֿון

## ז. ווײַנפּער

איקוף פֿאַרלאַג



ניו־יאָרק, 1951



# אונדזער מלכא קדישא

עברייאיש איז אונדזערס און אונדזערס איז יידיש.
איןביידע צעגליט און צעשטראַלט איז אונדזער ירושה.
צוויי גאָלדענע בעכער מיט שוימיקע ווײַנען אויף קידוש,
אין ביידע דער שבת — אונדזער מלכא קדישא!

די ערשטע איז שטאַם — אַ צווייג אַ צעבליטע, די צווייטע,
גיי טייל זיי פֿאַנאַנדער אויף צווייען, באַזונדער;
אַט יובלען מיר איצט דאָך אויף ביידע דערפֿרייטע
אויף גאַנצענער ערד אונדזער רונדער.

אויך איציק, ווי יצחק, איז געגאַנגען אין טראָט פֿונעם טאַטן,
אויך יאַנקל, ווי יעקב, פּיטערט די שאָף דורך די דורות, —
זיי אַלע אויף וועגן דורך די שווערסטע קלימאַטן
געהיט און באַהיט האָבן דעם ריח פֿון אונדזער קטורת.

משה, ישעיה, עקיבא, דער בעש״ט, ביאַליק און ברענער,
עס ציט זיך די קייט אַלץ ווייטער און ווייטער און ווייטער!
ווער פֿון וועמען איז גרעסער, ווער פֿון וועמען איז שענער?
זיי אַלע דער פֿלאַם אין אונדזער נאַכטיקן שייטער!

יהודה הלוי, דער רמב״ם, מענדעלע, שלום-עליכם און פּרץ, -
ווער פֿון וועמען איז ליבער? ווער פֿון וועמען איז העכער?
זיי אַלע דער שטאָלץ, — דעם פֿאָלקס דרך-ארץ,
זיי אַלע דער ווײַן פֿאַרן קידוש אין אונדזערע בעכער.

אַ בלאַט דאָ און דאָרטן פֿאַרשוואונדן, אַ צווייג וואו צעבראָכן,
נאָר שטאַם פֿון דעם בוים — די ווינטן אַנטקעגן, —
פֿון אונטער אַלערליי שווערע און פּודיקע יאָכן
געבליבן מיט אונדז איז אַ פֿאַרביק פֿאַרמעגן.

און בלענדנדיק איז דאָס, ווי פֿייער דורך רויכן אויף ביידע,
פֿאַר אַלעמענס אויגן — אַ ליכטיקער חידוש, —
די מלכא קדישא — דער גייסט פֿון דער יידישער עדה, —
העברייאיש איז אונדזערס און אונדזערס איז יידיש!

# צו מיין טאָכטער נחמהלע


בות מיינע, — זיי לעבן אין מיין יעדן קער און ריר.
שטראַליקע, בלענדיקע, — זיי לעשן זיך נישט אויס.
טאָכטער מיינע, זעסטו זיי נישט דורך וואָרט מיינס אויפן פּאַפּיר ?
הער דאָס וואָרט מיינס, — עס איז אין צאַפּלדיקן ברויז, —
היינט איז דאָס געווענדט צו דיר.

טאָכטער מיינע, המשך פון מיין זין און זיין,
האַרץ מיינס איז צערעדט צו דיר היינט אָט אַזוי !
ווער אַן אויפגעלויכטענער עס ווערט פון וויין,
איך בין אויפגעלויכטן פון דיין בלאָנד און בלוי,
און פון דעם העלן מאָרגנשיין.

יידיש וואָרט ווערט ליבער נאָך אין טאָכטערס מויל !
— טאַטע, טאַטע, זאָג מיר, וואָס אַזוינס אַ נביא מיינט ?
עפן איך תנ״כל, און איך לייען אַ קאַפּיטל „יואל“.
זיצט זי אַ פאַרטראַכטע, — פּלוצלינג, הער, זי וויינט :
— הונגעריקע קינדער אין די גאַסן, סאַראַ גרויל !

נעם איך, און דערצייל איר פונעם נביא אליהו
מיטן שטעקן אין זיין האַנט און אין מלבושל פון פעל, —
הערט זי, און אויף איר איז אַזאַ ליבע, שטילע רו,
אָבער פּלוצלינג איז זי ביי דער טיר, שטעלט זיך אויפן שוועל :
— אליהו, אָ, אליהו ! וואו־זשע ביסטו, אליהו ?

טאָכטער מיינע, ביסט צו מיר געקומען אין דער אָוונט־שעה,
און מיר נאָכאַמאָל דעם פּרימאָרגן מיטגעבראַכט, —
וואָרקענדיקע טויב האָט באַזיגט די קראַקענדיקע קראָ,
דרעמלדיקער הירש האָט צום לעבן ווידער אויפגעוואַכט
אין דער שפּעטער אָוונט־שעה.

מאַמע זיטאַ זאָגט, — איך צעפּיעשטשע איר דאָס קינד,
און דערביי איז זי אַזוי מאַמעדיק צעהעלט, צעקוועלט.
טאָכטער מיינע, זע, איך רייט אויפן רוקן פונעם ווינט
אויפצוזוכן גאָר אַ נייע, שיינע, שטראַלנדיקע וועלט,
און זי ברענגען אַ מתנה פאַר מיין קינד.

נייע וועלט, — מען זוכט זי שוין פון לאַנג צוריק!
טאָכטער מיינע, לאָמיר ביידע אויך דאָ זוכער זיין!
זע, עס ציט זיך, ציט זיך אַזאַ וואונדערלעכע בריק,
און אויף איר דורך העלער פרייד, און שווערער פּיין,
זוכנדיקע זוכער זוכן אום דאָס גליק.

גליק פאַר דיר און מיר און פאַר אַלעמען, וואָס לעבן דאָ!
קיינער, קיינער קאָן נישט גליקלעך זיין מיט זיך אַליין!
טאָכטער מיינע, דו מיט דיין קאַיאָר באַלייכסט מיין אָוונט־שעה,
איז מיר לייכטער אויפן וועג צו גיין
אין מיין שפּעטער אָוונט־שעה.



# זייט מוחל!

ליב נישט דערהערט אייך האָב איך, ווי עס דאַרף צו זיין,
זייט מוחל. אַ מענטש, וואָס טראָגט אין זיך די פּיין,
די פרייד און די האָפענונג פון דעם אייגענעם דור,
מישט אויס זיין חלום אין דער וואָר
פונעם נעכטן אינעם גאַנג צום היינט.
די זון איז אַלץ נאָך נישט צעשיינט,
און דער מענטש איז אַלץ נאָך אויפן וועג
דורך די טעג,
און די נעכט,
און אין געפּעכט
איז נאָך אַלץ דאָס גוטע און דאָס שלעכטע צווישן זיך.
דער טאַטע יעקב האָט אָפּגעשפּאָרט אַ קראַנקע דיך
פון דעם געראַנגל מיט עשון זיין ברודער אויפן פעלד,
און איך האָב אָפּגעשפּאָרט אַ קראַנקע וועלט.

אויב נישט דערזען אייך האָב איך, ווי עס דאַרף צו זיין,
זייט מוחל. דער בלענד פון אייער וואונדערלעכער שיין
פאַרבלענדט דאָך מיט זיין לויטערקייט מיין בליק.
אין גאַנג פּאָראויס, כאַפּ איך אָפּט אַ קוק אויך אויף צוריק,
און שעפּ אַזוי פיל לויטערקייט פון אייך.
ווי גרויס און מעכטיק איז די קיניגרייך
פון אייער בלענדנדיקן ליכט!
נישט איין מאָל פּאַלט זי, ווי אַ שווער געוויכט
אויף אָט אַזאַ, ווי איך.
אין טיפער יראה טו איך אויס די שיך,
און שפּאַן מיט שטילע טריט,
אַרום דעם ציטערדיקן ליד,
וואָס יערט אין מיר
ביי אייער טיר.

אויב נישט באַנומען האָב איך אייך, ווי עס דאַרף צו זיין,
זייט מוחל, צו שטאַרק איז אייער ווין,
וואָס איז מיט פרייד און צער געמישט.
אַ רגע דאַכט זיך, אַז מען איז דערפרישט,
און אַ דערהויבענער עס ווערט דער מוט
אַנטקעגן פאַכנדיקער רוט,
נאָר באַלד געפאַלענער מען ווערט.
אָ, גאָט, ווי לאַנג, ווי לאַנג שוין דער געראַנגל אויף דער ערד?
ווי לאַנג, ווי זינט דער מענטש איז אויפן וועג?
— און קומען וועלן טעג,
ווען שפּיז און שווערד
אין אַקעראייזן וועלן זיך צעשמעלצן אויף דער ערד, —
האָט איר פאָראויסגעזאָגט שוין לאַנג צוריק, אַמאָל, אַמאָל,
און זעט, — די ערד איז אַליץ אַ יאָמער־טאָל!



בילד — אורי לעסער



ן-אָדם — און אָדם וועמעס?
דער זון פון חסד און פון אמת.
און אַז מען טראָגט אַ יחוס, איז
שליחות אין די פּיס.

נו, יאָ, אַוודאי און אַוודאי!
נאָר וועגן זיינען נישט קיין גראַדע,
און שטיינער פעלן נישט אין וועג,
איז שווער מיט דעם געפּעק.

אַזוי פיל שנאה אויף די וועגן,
און ער? נישט איין מאָל אין געיעגן!
אַהינטער אים אַווירבלדיקער ווינט,
און פאָראויס בילנדיקע הינט!

דאָס יאָגעניש שעפּט אויס, פאַרמאַטערט
אויך האַרץ פון ריז, וואָס איז צעפּלאַטערט.
בפרט נאָך מיט אַזאַ מין שווער געפּעק
אויף אָט־דעם לאַנגן וועג.

ב.

זעט, זעט, אָט זיצט ער, דער בן־אָדם!
אַוודאי איז אַ גרויסער שאָד אים
דאָס זיצעניש אָט־דאָ מיט זיך אַליין,
ווען אַזאַ גאַנג איז דאָ צו גיין!

און גײַן, ער מוז! — אַ קלייניקייט, שליחות
פון אַזאַ גרויסן, וואונדערלעכן יחוס!
עס בייזערט זיך דער זיידע אמת, און
עס שמייכלט באָבע חסד, ווי די זון.

נאָר אַז אַ מידקייט אין די גלידער,
בויגט קאָפּ אַליין זיך צו דער נידער,
און אַרום אים ווערט גאַנצע וועלט,
ווי פלוצלינג אָפּגעשטעלט.

און אויב נישט אָפּגעשטעלט אפילו,
איז זי אַ לעצטע פרעפלדיקע תפילה,
וואָס נישט זי בעט און נישט זי פירט,
נאָר לעשט זיך רעזיגנירט.

אַ תפילה, גלאַט אַזוי אַ תפילה,
די ווערטער שטילע, קילע, —
אין אָט אַזאַ מין שטאַרער זיצעניש,
ווערט וועלט אַ פלאָנטערדיק געמיש.

זעט, זעט, עס זיצט בן־אָדם קאָפּ געבויגן,
ער קוקט און קוקט מיט צוגעמאַכטע אויגן
טיף, טיף אין מדברדיקער זיך אַריין
און זעט אַזוי פיל פּיין!

ער זעט דעם למדן האַנדלען מיט זיין תורה,
ווי סוחר האַנדלט מיט זיין סחורה.
ער זעט דעם בור זיך גוידערן און בלאָזן אַראָגאַנט,
דעם שקר אומעטום ביי מזרח־וואַנט!

ער זעט אַנטפּלעקונג, וואָס דאַרף זיין ברכה
פאַרוואַנדלט ווערן אין געסראַכע,
וואָס טשאַדעט און פאַרטשאַדעט אַלץ,
און שטיקט דעם האַלדז.

ער זעט דעם מענטשנס גריזעדיקע שנאה,
דעם מענטשנס פרעסעדיקע קנאה,
איז וואָס־זשע, וואָס־זשע לוינט זיך, האַ?
אַ לעבן אָט אַזאַ?

ער טראַכט, אַז אפשר טאַקע בלייבן זיצן,
דאָס מויל פאַרשליסן, ציין פאַרקריצן,
און אויפגעבן דאָס שווער געפעק
אָט דאַ אינמיטן וועג?

צי ווערט ער נישט, ווי יעדער, יעדער
געמאָלן צווישן שווערע רעדער?
יאָ, יאָ, ער איז, ווי יעדער דאָ,
און באַלד נישטאָ.

ג.

בן־אָדם ציטערט אויף, אַזוינער איז ער?
האָט אַלץ, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן דאָ ביזהער
דען גאָרנישט, גאָרנישט נישט געבערט
אויף אונדזער ערד?

געבערט, געבערט, נאָר דאָס איז דאָרטן,
און ער איז איצט אין גאָר אַן אַנדער גאָרטן,
וואו ערד איז האַרט, ווי קיזלשטיין,
און שווער איז אים צו גיין.

אין ברויזיק-ווינטיקע ווירוואַרן
מישט אוים זיך מיט די שווערע צערן
דאָס ביסל פרייד, וואָס ווען נישט ווען
איז דאָ מיט אים געווען.

דאָס ביסל פרייד, וואָס האָט געמוטיקט,
ליגט איצט ביי זיינע פיס צעבלוטיקט,
עס ווישט די וואונד מיט אירע הענט
פון זשאַר צעברענט.

אין ברויזיק שנאהקע געברויזן,
האָט ביסל פרייד נישט, וואו צו הויזן,
איז וואָס-זשע, וואָס-זשע טוט מען, האַ ?
אַז לעבן איז אַזאַ ?

אַ לעבן, וואָס איז שווער פאַרטשאַדעט,
שפּאַנט אום און פרעסט און יאַדעט,
פאַרקאַנסערט שווער דאָס אייגענע געביין,
איז ווי זשע זאָל מען דאָס פאַרשטיין ?

עס זיצט בן-אָדם שווער פאַרלוירן,
באַדויערט, וואָס ער איז געבוירן,
ווייל שווער איז אים ביז גאָר,
מיט אָט אַזאַ מין וואָר.

אַ וואָר, וואָס הענגט, ווי שווערע לאַפּע,
אַ ליאַדע וואָס, טוט זי דיין לייב אַ דראַפּע,
און אָפּטמאָל אין איר שנאה אויפגעברויזט,
פאַרוואַנדלט זי זיך אין אַ פויסט.

# בן־אדם

אַ פּויסט, וואָס וואַרפט דיך צו דער נידער,
און פּרואווסטו אויפשטיין, פאַלסטו ווידער,
און בלייבסט שוין, וואו דו ביסט,
אַ הויפן מיסט.

פון קנאה און פון שנאה אומגעטריבן,
האָט זיך בן־אָדם שטיל אַהער פאַרקליבן,
געמיינט די אָפּגעזונדערטקייט אָט־דאָ
וועט געבן אַ מנוחהדיקע שעה.

זעט אויס, אַז אויף דער ערד, דער רונדער,
נישטאָ, נישטאָ איז קיין באַזונדער.
אַלץ, אַלץ איז טייל פון נאָך און נאָך
און אַלץ צוזאַמען איז איין יאָך.

אַלץ, אַלץ איז טייל פון גרויסן גאַנצן,
און זעסטו עמעצן באַזונדער גלאַנצן,
איז ער אַ גלאַנציקער שליח בלויז
פון גאַנצן גרויס.

דאָס זעלבע ליכט ווערט דאָך אויף אַלעמען געפאַלן,
און זעסטו עמעצן באַזונדער שטראַלן,
איז אין זיין שטראַליקייט אויך דו,
ווייל אין זיין ליכט ביסטו.

אַלץ, אַלץ איז טייל פון עפּעס, וואָס איז גרעסער,
די שליסל זיינען טיילן פון די שלעסער,
און זעסטו אַ פאַרפייניקטן, וואָס שלעפּט די טריט,
איז פּיין דאָך אויך אין דיין געמיט.

אַ סימן? אומרו דיינער, דער צעיאָגטער!
אַזוי פיל שווערע משא טראָגט ער,
און וואַרפט זי דאָך פון מידקייט נישט אַוועק
אין מיטן וועג.

דער אומרו, ער איז דאָך דיינער, מיינער, זיינער, אירער,
דער אומרו, ער איז דאָך אונדזער גרעסטער פירער,
ער איז די זריעה, ער איז די מיל,
אָן אים געווען וואָלט שאַ און שטיל.

דער אומרו? בן־אָדם קאָן אים, קאָן אים,
דער אומרו האָט אַן האַרעפּאַשנע פּנים,
און הענט, וואָס האָרעווען ביז גאָר
אין יעדן דור.

ד.

עס ברומט בן־אָדם: אַלץ, אַלץ איז דאַאיק!
נישטאָ אַזוינס, וואָס איז נישטאָאיק!
אויך די נישטאָאיקייט איז טיף פאַרוועבט
אין אַלץ, וואָס לעבט.

די אייביקייט איז גאַנג אויף שווערע רעדער,
דאָס לעבן איז דיר נישט קיין פעדער,
וואָס איז אין הוילער לופט צעשוועבט,
און דאָך מען לעבט! מען לעבט!

זעט, זעט, מען לעבט אין שווערע קייטן אויך אפילו!
נו, יאָ, די טומלער רייטן אויף די שטילע,
נאָר אָבער אויך די לעצטע מיט אונדז דאָ
זיך ראַנגלען מיט דער שעה!

## בן־אדם

אַ שווער געראַנגל אָפּטמאָל מיט אַ גאָרנישט,
מען טראַכט נישט, אַז מען טאָר נישט
אַ גיי טאָן איבער אַלעמען און אַליץ
פּאַר שטיקל ברויט מיט זאַליץ.

מען טראַכט נישט, אַז מען טרעט אויף יענעם,
מען ווערט אַ שותּף מיט דעם שר הגיהנום,
דאָס פלייש און ביין פון זיך אַליין
פאַרוואַנדלט מען אין שטיין.

נו, יאָ, נו, יאָ, אַזוי איז דאָס אַוודאי!
די וועגן זיינען נישט קיין גראַדע,
און מענטש? נו, יאָ, אַז ווי איז אים און ווינד,
ער איז דאָך שטענדיק קעגן ווינט!

עס זיצט און מורמלט וויטיקלעך צו זיך בן־אָדם:
נעם, ריים פאַנאַנדער איצט דיין לעצטן פאָדעם,
און לאָז דאָס שפינדל בלייבן שטיין,
עלעהיי אַ שטיין.

אַ שטיין, אַ שטיין, — עס ציטערט דער בן־אָדם,
עס איז אַזאַ מין גרויסער שאָד אים
דעם זיידע באָבעס וואונדערלעך געפעק
צו לאָזן, ווי אַ שטיין אין וועג.

אַ שטיין? אַ שטיין? בן־אָדם טוט אַ ציטער,
זיין בליק ווערט העלער און צעגליטער,
און פּלוצלינג זעט נאָר, זעט,
וואָס מיט בן־אָדמען געשעט!

אַ שטיין? אַ שטיין? — נאָר זיינען שטיינער
אויף ברעכן בלויז די קעפּ און ביינער?
אַ שטיין קאָן זיין אַ פונדאַמענט,
פון שטיינער מאַכט מען ווענט!

אויך שטיין איז נישט פאַר זיך אַליינס!
נעם, לייג צונויף אַ שטיין אויף שטיין, פאַראייניק,
און דו וועסט מיט דיין בליק דערזען
וואָס וועט געשען!

אַ שטיין אויף שטיין דורך שווערקייט און יסורים,
און פלוצלינג זע, — עס שטייט אַ טורעם,
וואָס שיינט, באַשיינט דעם וויטסטן וועג,
און פירט דיך צו אַ ברעג!

ה.

בן־אָדם עפנט ברייט פאַנאַנדער זיינע אויגן,
און פלוצלינג, זע, אַ וואונדערשיינער רעגנבויגן,
קאָלירן וואונדערלעכע און אַלערליי,
און ער אַליין איז צווישן זיי!

קאָליר געמיש, און נישט צעמישט זיך,
אַ פאַרב מיט אַ פאַרב, און נישט פאַרווישט זיך,
אָט שווער געוויכטיק, טונקל־גרוי,
און באַלד שוין גרינג און בלוי.

דער צער? נו, יאָ, ער איז פאַראַנען,
נאָר אַנדערש ווערט ער איצט פאַרשטאַנען,
עס איז אַ צער, וואָס גייט און גייט
צו ווערן גרויסע פרייד.

צו גרויסער פרייד און צו באַנייאונג,
צו העלן יום־טוב פון באַפרייאונג,
צו העלער זון, וואָס גייט און גייט,
און נישט פאַרגייט.

און פלוצלינג זע, עס ציט אַ פריידיקער בן־אָדם
אַרויס פון טאַש אַ נאָדל־פאָדעם,
און הויבט אָן ריסן צו פאַרנייען גיכער, גיך,
און שמייכלט גליקלעך שטיל צו זיך.

איז וואָס־זשע איז דאָס פאַר שמייכל ?
בן־אָדם איז איצט אינעם גרויסן היכל
פון איבערראַשונג אַלץ, וואָס איז כדאי
אויפסנייי ! אויפסנייי !

ער נייט און נייט און הערט נישט אויף צו ברומען,
אַז גאָר אַ נייע, נייע וועלט וועט קומען,
אַ וועלט, וואָס זיין וועט זי
אַן אַנדערע, ווי די.

ד.

בן־אָדם שמייכלט פריידיק זיך פאַנאַנדער,
און נעמט זיך גרייטן צו אַ נייעם וואַנדער,
זעט, זעט, ווי פלינק ער בינדט צונויף שוין זיין געפעק,
זיך גרייטנדיק צו נייעם וועג.

בן־אָדם איז שוין אויף די וועגן ווייטער,
פון ווייטן העלט נאָך העלער איצט דער שייטער,
און שיינט, באַשיינט זיין שווערן און עקשנותדיקן גאַנג,
און פון זיין בלוט גייט אויף אַ ניי און פריש געזאַנג.

געזאַנג פון אַלע לויטערסטע געזאַנגען,
געזאַנג פון גאַנג דעם הימל צו דערלאַנגען,
און אים אַרונטערברענגען צו דער ערד,
וואָס איז פון חושך נאָך באַשווערט.

געזאַנג פון מענטש צו מענטשן,
וואָס גריסן און זיך בענטשן
איבער יעדן שטעג און וועג
דורך די נעכט און טעג.

געזאַנג, וואָס קאָן זיך שוין פאַרגינען
צו וועבן און צו שפּינען
אַ טאָן מיט טאָן, אַ קלאַנג מיט קלאַנג
צוליב אַ שיין געזאַנג.

אַ שיין געזאַנג, — עס זינגען דורות
צעשיינטע, ווי מנורות,
און דו ביסט צווישן זיי, —
בן־אָדם, זינג מיט — און גיי!



בילד — פון אורי לעסער



עלבער קעניג אין זיין גרויסער קעניגרייך
איז צו משהס ריזנ־גרויסקייט גלייך?

אַזוי בלענדנדיק איז זיין געשטאַלט,
שטייסט און קוקסט און ווערסט באַשטראַלט.

נישט געווען אַזאַ, ווי משה, און נישטאָ,
אָבער ער אַליין איז דאָ, איז דאָ!

פילסטו דען נישט זיין באַריר?
זע, אָט איז ער דאָך אין דיר, אין מיר!

דורות, דורות, און זיין פּנים איז צעהעלט,
משה איז דער זין, און תוך פון וועלט!

זין און תוך פון האַרטן, שטאָלענעם געבאָט
איבער דער יסוד — גאַנצקייט פון אחד!

שפּאַנסטו, און דו ווייסט נישט, הער צי הין,
איז ער דער, וואָס ווייזט דיר אָן וואוהין!

דורות, דורות, — גלי פון אייביקייט צעגליט, —
משה איז דאָס ריינסטע און דאָס העלסטע ליד!

ליד שליחידיקס, פּאַראַוים אין פולן גאַנג
איז ווי שוועסטער משהס — מרימס אַ געזאַנג!

## ב.

משה האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דער עדה און
מיט זיין תלמיד יהושע בן-נון,
און איז דורכן טאָל פון מואב אויפגעגאַנגען אויפן באַרג נבו.
שווער געווען איז די צעשיידונג, ווייטיקדיק אַזוי.
שטיל האָט אין זכרון זיינעם דורכגעשפּאַנט
דער שווערער גאַנג צו אָט-דעם לאַנד.
משה האָט געקוקט פון ווייטער הויך אויף לאַנד כנען,
און געטרייסט זיך, וואָס עס איז פאַראַן
אַ יהושע, וואָס וועט ממשיך זיין דעם גאַנג.
דעמאָלט איז אַ וואונדערלעך געזאַנג
אויפגעגאַנגען פון דער נידער אינעם טאָל.
משה האָט אין דעם געזאַנג דערהערט זיין עדהס קול,
און אויף דעם די הענט געשפּרייט,
בענטשנדיק דאָס פאָלק מיט אייביקייט.
ניט קיין חידוש, וואָס דער נאָמען איז אויך היינט צעגליט,
משה איז דער נאָמען פונעם ליד.

### ג.

פונעם סיני ביז דעם באַרג נבו, -
פֿאָלקס-געבורט, אַ נייער, איז
אויפגעגאַנגען, ווי די זון אויף טוי,
ווי עס גייט צום ציל אַ ריז.

פֿאָלק אין קנעכטשאַפט אונטער פּויכט
האָט זיך אויפגעהויבן און, —
איצט איז דאָס פון פרייד צעברויזט,
און צעליכטיקט, ווי די זון.

שווערער גאַנג, נאָר גאַנג אין טראָט
צו אַן אויפגעשיינטער וועלט,
און אין גייענדיקן טראָט איז דער אחד
טיף צעליכטיקט און צעהעלט.

און אַז משה האָט דערזען, דערפילט,
אַז ער איז אין פֿאָלק פאַרוועבט,
האָט ער זיך אין שטילקייט איינגעהילט
און אין לעבן זיך צעשוועבט.

דורך די דורות איז ער אומעטום,
שוועבט דורך נעכט און דורך די טעג, —
זאָגט דיין קול דיר : — גיי, און קום,
ביסטו משה אויפן שווערן וועג.

ווער אַן אויג האָט, דער דערזעט,
ווער אַן אויער, — דער דערהערט, —
משה איז דאָס ליד פון דעם פּאָעט,
משה איז יסוד פון אונדזער ערד.

נישט פאַרשוואונדן, — ער איז דאָ
אומעטום מיט אונדז אויך היינט, —
זע, עס גייט פאָראויס די שעה,
און אין איר איז ער צעשיינט!

פונעם סיני ביז דעם באַרג נבו,
און אַלץ ווייטער, ווייטער נאָך, —
גרינגער, גרינגער ווערט אַזוי
מיט זיין שיין אין וועג דער יאָך.

ד.

שטיל האָט דער מאָרגן זיך געשפּרייט איבערן זאַמד, דעם צעגילדטן,
נאָר נישט שטיל געווען איז משהס האַרץ איבער שטח, דעם פאַרשטילטן.
ליב איז אים געווען זיין ווייב צפּורה, ליב אויך זיינע יונגע קינדער,
און נישט שווער געווען איז צוליב זיי היטן יתרום שאָף און רינדער,
אָבער עפּעס האָט זיין האַרץ גענאָגט, און זיין בלוט געזויגן.
הינטער אים, אין געבורט-לאַנד זיינס מצרים איז זיין פאָלק געבויגן,
און פאַרקנעכט אונטער בייטש אין שווערער לאַפּע פון באַצווינגער.
ליב איז אים זיין ווייב געווען, ליב אויך זיינע קינדער, נאָר נישט גרינגער
ווערט צוליב זיי גורל שווערער פון די שוועסטער און די ברידער.

טרעפט נישט איין מאָל, אַז אַ משה בויגט זיין קאָפּ איין צו דער נידער,
און אַז דעמאָלט הויבן אין דער טשערעדע אָן מעקען זיינע שאָף און ציגן,
הערט ער ווײ־געשרייען פון טאַטע־מאַמעס, זעט ער קינדער שלעפּן פון די וויגן
דורך באַצווינגערישע הענט פאַר די קאַלטע וואַסערן פון נילוס.
גרינגער איז נישט, ווען די טשערעדע אפילו שטיל איז!
קולות, קולות, — אַט־אַ שרייען זיי צו אים אויך איצט אין פיבער,
איז קיין חידוש נישט, וואָס עם טרעפט, ער לאָזט די טשערעדע אויף הפקר איבער.
זע, אָט פיסלט זי זיך אויפן זאַמד, און קיין סימן נישט פון גראָזן.
בלויז אַ דאָרן אויסגעדאַרטער שטייט פאַרגעסן און פאַרלאָזן.
משה דעכלט מיט די פינגער איבער זיינע אָנגעשטרענגטע אויגן,
מדבר ליגט אָן אָנגעגליטע אין דעם גאַנצן קיילעך אויסגעצויגן,
פעלזנדיקער חורב — אַ פאַרטריקנטער געשוויר, וואָס שיילט זיך,
ווינטל שפּילט זיך מילד אום, ווי אַ קינד. ציגעלע פאַרגייט, און טיילט זיך
אָפּ פון טשערעדע, הויבנדיק דאָס קעפּל צו דעם בלויען הימל.
פלוצלינג זע, — אַ חלום אפשר? — איז ער דאָך נישט אין קיין דרימל!
פייער־פלאַם צעציט זיך און צעברענט זיך פונעם דאָרן,
אָט אַ קנוילנדיקער און אָט אַן אויפגעברויזטער פול מיט צאָרן,
און אַ קול גייט אויף פון דאָרן — דאָס קול צערופן איז צו ווערמען?
משה פילט דעם אָפּשיין פונעם פייער־פלאַם אויף זיינע ברעמען,
און ער בויגט דעם קאָפּ, און זיינע קניען פאַלן צו דער נידער, —
און דאָס קול אַלץ קלאָרער, העלער דרינגט אין זיינע גלידער.
ווער בין איך? און וואָס בין איך? און וואָס איז דען מיין יחוס
זוכה זיין צו נעמען אויף די פּלייצעס מיינע אָט אַזאַ שליחות?
משהס גלידער אויפגעברויזטע, צאַפּלען זיך קאָנוואולסעדיק אין ציטער,
און דאָס קול אין אים דרינגט טיפער, העלער און צעגליטער.

## ה.

קול

— משה, צי אַראָפּ די שיך,
ווײל אַ הײליקס איז דאָס אָרט!

משה

— ווער און וואָס בין איך,
וואָס איז זוכה צו דײן וואָרט?

קול

— וואָרט איז דײנס, עס איז אין דיר,
אין דער טיפעניש פאַרזײט!

משה

— אומרו יאָגט זיך אום אין מיר,
ווי אַ ווינט אין פעלד צעווײט.

קול

— פאָלק דײנס טראָגט אויף זיך
אין מצרים עול, וואָס דריקט.

משה

— פאָלק מײנס האָט פאַרטריבן מיך,
איז מיט מיר צעקריגט.

קול

— נישט דאָס פאָלק, נאָר קראַנקער גליד,
וואָס צעפוילט איז אויף זײן גוף!

משה

— ווער וועט שטאַרקן מיינע טריט
אינעם גאַנג צו אָט-דעם רוף?

קול

— רוף וועט שטאַרקן דיך אין גאַנג,
און באַהיטן דיינע טריט.

משה

— מיינט עס, איך בין דאָס געפאַנג
אין מיין אייגענעם געמיט?

קול

— גוט איז דיר, און וואויל איז דיר
מיט אַזאַ מין העל פאַרמעג!

משה

— ערד און הימל, זייט מיט מיר
אויף מיין גרויסן שווערן וועג!

.1

משהס דראָענדיקע ווערטער דורך זיין ברודער אהרנס מויל.
פרעה אויפן טראָן איז האַרטנעקיק אויך אין פנים פון דער גרויל.
זע, ער וואַרפט זיך, שיפּעט גיפטיק, ווי צעהאַקטע קלאַפּער-שלאַנג,
נאָר אַ הילפלאָזער איז ער אַנטקעגן משהס ברויזנדיקן דראַנג.
משה קייטלט צו זיין גורל צו זיין שווער-געדריקטן דור.
איז מיט אים געדולדיק אין דער מדבר גאַנצע פערציק יאָר.
פאָלק האָט זיך באַפרייט פון יאָך, אָבער איז נישט פריי אין זיך אַליין.

ים געשפּאָלטענער און קוואַליק וואַסער פון אַ האַרטן שטיין,
נעם אַן עמער אין די הענט, און שעפּ און שעפּ.
וויפל מאָל האָט דאָס געבענקט נאָך די מצרימדיקע טעפּ,
כאָטש פון הימל איז געפאַלן זיסער, האָניקדיקער מן.
טעגלעך — עמוד־ענן, נאַכטלעך — עמוד־אש פאָראויס, ווי אַ פלאַטערדיקע פאָן.
אָבער נסים ונפלאות זיינען נישט סימנים פון אַ פאָלקס־דערוואַקסנקייט.
אויך דאָס קול פון סיני האָט דאָס גאַנצע פאָלק נאָך נישט באַפרייט.
גאָלדן קאַלב און קורחס אויפשטאַנד, — וויפל שווערע פיין, —
איבערטראָגן אָט אַזוינס האָט מען נאָר געדאַרפט אַ משה זיין!

## ז.

בליצן, דונערן און קרייזלדיקע רויכן,
סיני צווישן זיי אינמיטן, —
קול צעברויזט פון הויכע הויכן
אויפן האַרץ פון פאָלק צעגליטן.

אַזאַ ברויזנדיקער, שווערער ציטער
האָט דעם פאָלק אַרומגענומען, —
וואָרט פון אויפגעלויכטענעם געביטער,
און דאָס פאָלק האָט אָנגענומען!

וואו איז משה? הויך פון אויבן!
זע, אַן אויפגעלויכטענער, צעשטראַלטער
האַלט ער זיינע הענט געהויבן
איבער וועלט צעיובלטער, צעשאַלטער.

קרייזלדיקע רויכן, דונערן און בליצן,
נאָר דאָס קול איז העכער און צעגליטער, —

ווערטער — שאַרפע שפּיזן — קריצן
זיך אין אַלעמענס געמיטער.

טאָג האָט אויפגעמאַכט די אויגן
מיט קדושה און מיט יראה,
און דאָס פאָלק האָט קאָפּ געבויגן,
און געזונגען שירה.

קדוש, קדוש, — אַלץ אין אונדז קדושה!
דור וועט דור דאָך איבערגעבן
אָט-די ליכטיקע ירושה
פאַר דערהויבנקייט פון לעבן.

## ח.

מיט די לוחות אין די אָרעמס האָט ער פון באַרג סיני צום מדבר-זאַמד געניִדערט.
אָוונט-שעה האָט זיך געשפּרייט, און ווי מאַמע-האַנט געגלעט און צונויפגעגלידערט
אַלע טײלן אין דער וואונדערלעכער און אין-סופיקער יצירה.
משה איז געגאַנגען אין אַ קרייז פון אויפגעלויכטענער און זינגנדיקער שירה,
געטראָגן די פּרוכט פון זיין התבודדות צו דער אויסגעבענקטער עדה.
הימל האָט זיך צו דער ערד געבויגן, ערד צום הימל זיך געהויבן, און זיי ביידע
האָבן זיך באַהאָפטן מיט די אותיות אויף די לוחות פאַר די קומענדיקע דורות.
העל געפינקלט האָבן דעמאָלט אַלע שטערן, ווי די פלעמלעך אין די רערלעך פון מנורות,
און לבנה האָט געשפּרייט פאַר משהס טריט מיט טעפּיכער פון זילבערנע געוועבן,
משה איז געגאַנגען און געטראָגן אין די אָרעמס די אַנטפּלעקונג פונעם לעבן,
וואָס האָט זיך אין דער איינזאַמקייט פון סיני-שפּאַלטן
אַזוי לאַנג פון זיין פאָלק ישראל אויסבאַהאַלטן
אָבער, ווען ער איז דערגאַנגען און געקומען, איז אַנטפּלעקונג זיך צעפאַלן.

בליצן האָבן זיך צעבליצט און דונערן האָבן אָנגעהויבן קנאַלן,
דראָענדיק דעם קיום פון דער וועלט, — אים צעוואַלגערן, צעשטויבן.
משה האָט די לוחות צו דעם גרויסן, צאָרנדיקן כוח אויפגעהויבן,
און אַ וואָרף געטאָן זיי, — שטיקער זיינען זיך צעפאַלן פאַרן פנים פון דער עדה, —
עגל-הזהב — טמא קרבן אויף מזבח, און קדושה איז אַרויף אויף דער עקדה!



אפרים משה ליליען   משה ברעכט די לוחות

## ט.

ווי דעם זייער, וואָס פאַרזייט אין ליבשאַפט בלומען-קערנער,
און עס וואַקסן אויף להכעים שטעכעדיקע דערנער!
אַזאַ זייער רייסט די וואָרצלען פון די בייטן
און ער שיקט זיי צו דעם ווינט, צעוויייטן!

משה מיט די לוחות אין די אָרעמס איז געשטאַנען,
צוגעזען, ווי קטורת פון די פייען־פאַנען
רויכערט זיך צום עגל גאָלדענעם אויף דעם מזבח, —
איבלדיק און ביטער איז געווען פאַר אים דער ריח!

איבלדיק און שטיקנדיק און אַזאַ בזיון!
שווער געווען איז משהן דער נסיון,
און זיין קאָפּ האָט זיך געבויגן,
און פאַרמאַכט האָט ער די אויגן.

אַזאַ ברענענדיקער צאָרן האָט זיין האַרץ אַרומגענומען!
משה איז געגאַנגען, משה איז געקומען,
און אָנשטאָט אַן עדה פון קדושה
האָט באַגעגנט אים די בושה.

מי לה'! — קול צעגליטס, און פייער אין די אויגן, —
שבט לוי נישט געשטרויכלטער האָט די שווערד געצויגן
אין גערירטקייט פון משהס ווערטער, די טיף צעגליטע,
און דאָס מדבר־זאַמד האָט זיך צערויטלט פון דער שחיטה.

ר.

משה האָט זיך אָפּגעשיידט, דערווייטערט פון דער עדה.
אין זיין גרויסן צאָרן האָט ער אויפן פייער פון עקדה
זיין דערקענטעניש געוואָרפן. שטילע, קילע סיני־שפּאַלטן
האָבן אין פאַרבאָרגענישן אים געהאַלטן,
און דאָס פאָלק, וואָס איז געבליבן,
האָט, ווי טשערעדע אָן פּאַסטוך, עלנט און אַליין זיך אומגעטריבן.
בושה און חרטה האָבן, ווי די שאַרפסטע ריטער
שווער געשלאָגן די געמיטער.
— משה, משה, אונדזער לעבן נאַקעט, הויל איז!
משה! משה! — האָט דאָס פאָלק גערופן אויף די העכסטע קולות.
אויסגעליידיקטע, פאַרלאָזטע, זיינען מיר, ווי וואָרצלען איינגעדאַרטע!

נאָר די קולות האָבן זיך צעשלאָגן אויף די סיני־פעלזן שווייגנדיקע, האַרטע,
און קיין ענטפער איז אַלץ נישט געווען צו הערן.
משה האָט זיין האַרץ פאַרגליווערט אין אַ שטיין אַ האַרטן און אַ שווערן
צו דעם פאָלקס געוויינען און געשרייען:
— עם קשה עורף! — זאָל דער ווינט אין מדבר דעם צעווייען! —
האָט ער בייז געברומט אין שווערן צאָרן.

***

און איצט, אויפן באַרג נבו, האָט משה אויפגעמישט אין זיין זכרון
יענע שווערע טעג און נעכט אין די שפּאַלטן פונעם סיני קילע, שטילע,
און אַ פרייד איז אויפגעגאַנגען טיף אין אים פאַר דער זכיה פון מחילה,
וואָס איז סוף־כל־סוף צו אים געקומען.
און נישט מער קיין ברומען
זיינען פון זיין מויל געווען שוין אָט־די ווערטער,
נאָר פון פירער גרויסן, וואָס איז אַ דערזעענער, דערהערטער.
קולות האָבן זיך הילכיק צעזונגען:
פון דער וויטסטער וויטקייט האָבן גלעקער זיך צעקלונגען,
— קדוש! קדוש! קדוש!
און אַזאַ שיר חדש
האָט אַ קלינג געטאָן איבער אַלע וועלטן
צו די שוועלן פון די ערשטע פאָלקס־געצעלטן.

## יא.

פון דעם מדבר־סיני דורך די מואב־טאָלן ביז דעם באַרג נבו.
משה האָט פון באַרג געקוקט דורך דעם אָוונטיקן טוי
איבער פליסנדיקן ירדן צו דער וויטער־וויט.
זע, ער קוקט נאָך איצט. עס האָט די צייט
נישט אָפּגעווישט זיין שטראַלנדיק געשטאַלט.
הילכיק איז זיין קול צעשאַלט,
צעהעלט, צעשיינט
אויך היינט!




אַלאַדן מיט אַ שווער געפּעק
לאָזט זיך לפידות אַרונטער צום וועג,
וואָס שלענגלט, און דרייט זיך צום פעלד.
און דבורה אויפן שוועל פון געצעלט
קוקט שטיל איר לפידותן נאָך:
— טראָגט שטיל און געדולדיק דעם יאָך,
אָן הילף פון אישה זיינער ביי דער זייט, —
צעמורמלט זי זיך צו דער ווייט.
— אַליין ביים פאַרזיי, און ביים שניט! —
שטייט זי און מורמלט צעגליט
מיט ציטער און צאַפּל אין זיך:
— וואָס טויג אים אַזאַ אישה, ווי איך?

דאָס אייזעלע נעמט אים אַרויף,
און לאָזט זיך אין דריבנעם געלויף
זשוואַוועדיק און מונטער
דעם גרינלעכן באַרג אַרונטער.
און פלוצלינג געזאַנג פונעם טאָל, —
— דאָס איז דאָך לפידותעס קול,
וואָס זינגט אַזוי פריידיק און העל!
און דבורה? — זי שטייט אויף איר שוועל,
און הערט אַ פאַרטראַכטע זיך צו:
— לפידות, געבענטשטער, אָ, דו!
איר האַרץ, ווי די זון איז צעגליט,
און אָנגעפילט ווערט עס מיט ליד.

ב.

— אָ, מאַן, דו מאַן ליבער,
עס דאַוונט בציבור
מיט פאָלק דיין דבורה,
און דו לאָזט דיין אישה
אָן חקירה ודרישה,
פאַרגינסט איר די בכורה.

— מיין בכורה — דיין בחירה.
עס זינגט צו דיר שירה
דיין ווייב, דיין דבורה.
דיין ליבשאַפט געטרייע,
דיין צוטרוי די פרייע
איז הייליק, ווי תורה.

— געבענטשט זיי לפּידות,
דו לעבסט ביחידות, —
דיין אישה פאַרנומען!
זע, זע, פון נאָענט און וויטן
די רייטער זיי רייטן, —
זיי קומען און קומען!

— אויך פיס-גייער ציען
מיט אויגן, וואָס גליען
צום פאַלמישן שאָטן,
און איך, דיין דבורה,
צו הילף נעם די תורה,
און אירע געבאָטן.

— איך משפט, איך וואָרן
נישט איין מאָל מיט צאָרן,
נאָר ליבשאַפט דער תוך איז!
אַ גרויסער מיין יחום,
כאָטש אַט־די שליחות
נישט איין מאָל אַ יאָך איז!

— עס וויל זיך נישט בענטשן
דער מענטש מיט די מענטשן,
וואָס לעבן אַרום אים!
אַזוי פיל שווערע יסורים, —
מיין האַרץ איז אַ שטורעם,
און גיי און פאַרשטום אים!

— עס ציטערט פון מורא
דיין אישה דבורה,
ווייל טאָמער? חלילה?
אַזוי פיל משפטים
ביי אונדזערע שבטים,
אָ, טו פאַר מיר תפילה!

אַ שווערע שליחות,
כאָטש גרויס איז דער יחום, —
אַ שופט אַן אישה!
געבענטשט זיי לפידות,
דו לעבסט ביחידות
אָן חקירה ודרישה.

ג.

קאַיאָר איז אויפגעגאַנגען גאָלדיק און העל,
און דבורה איז געזעסן אויף טרעפּל פון שוועל
און געקוקט אין דעם העלן קאַיאָר.
זי האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס דער דור
פון אַלע אַרומיקע שבטים
האָט צופיל משפּטים,
און לעבט אין מחלוקת.
— אַ דור — אַ תינוקות,
וואָס קאָן נאָך אַליין
אויף וועגן נישט גיין,
און זי, אַן אישה בישראל,
איז שופט אין טאָל
פון שבט אפרים.
— אָ, גאָט שבשמים!
האָב רחמים מיט דער איינציקע אישה,
און זע, אַז מיין חקירה ודרישה
באַלויכטן זאָל ווערן.
מיין אויער זאָל הערן,
מיין האַרץ זאָל באַנעמען, —
מיין משפּט זאָל נישט פאַרשעמען,
און האַנט מיינע זאָל פירן
צו שוועלן, צו טירן.

ד.

דאָס קול
אינעם טאָל
האָט זיך פאַרשטילט,
און די זון האָט באַגילדט
דעם שפּיץ פונעם באַרג:

— אָ, גאָט מיינער, שטאַרק מיך, אָ, שטאַרק,
אַז וואָרט מיינס זאָל זיין
אַזוי ווי דיין שיין,
געלייטערט און קלאָר,
פאַרנעמען זאָל דער דור,
ווי לפידות, מיין מאַן, מיך באַנעמט,
און זיין אישה נישט פאַרשעמט.

ה.

— פאַרשטיין און באַנעמען,
און קעמען פאַרקעמען
איז גרויסער נסיון, —
דאָס לעבן — אַ שטורעם,
אַזוי פיל יסורים,
אַזוי פיל בזיון!

— עס קומען אנשים,
עס קומען אויך נשים
מיט שווערע געמיטער,
און איך דיין, דבורה,
האָב פחד, האָב מורא, —
איך משפט, און ציטער.

— די פאַלמע וואַרפט שאָטן,
נאָר איך בין צעזאָטן,
ווייל טאָמער? חלילה?
געבענטשטער לפידות,
דו לעבסט ביחידות, —
אָ, טו פאַר מיר תפילה!

— אַ תּפילה, אַ שטילע,
אַז איך זאָל חלילה
געשטרויכלט נישט ווערן
דורך שוואַכקייט פון אישה
ביי חקירה ודרישה
מיט ווייכקייט און טרערן.

— מיין משפּט זאָל העלן,
ווי זון אויף די שוועלן
אין זומער פרימאָרגן,
און אויפגיין געלייטערט,
ווי שייטער צעשייטערט
זאָל אַלץ, וואָס פאַרבאָרגן.

— מיין וואָרט זאָל זיך הערן,
און צדק זאָל יערן,
ווי טייג, וואָס געקנאָטן,
און מענטש זאָל מיט מענטשן
אין שלום זיך בענטשן,
ווי גאָט האָט געבאָטן.

און איך זאָל גערעכטן
נישט דן זיין צום שלעכטן,
אומזיסט נישט פאַרשעמען, —
און וואָרט מיינס זאָל וואָר זיין,
זאָל טיף זיין, זאָל קלאָר זיין,
און פאָלק זאָל באַנעמען.

ז.

יענעם טאָג האָבן יידן זיך געקלאָגט אויף סיסראַן דעם כנענישן שכן,
און דבורהס האַרץ האָט זיך געבראָכן
פון שווערן צער און יסורים.

— סיסרא יאָגט זיך ווי אַ שטורעם
מיט זיינע רוצחים אין די כאַריאָטן,
און אַזוי פיל יידיש האָב און גוטס ווערט צוטראָטן
אין די טאָלן און איבער די בערג פון אפרים,
און דבורה האָט געשיקט נאָך ברקן דעם זון פון אבינועם,
וואָס איז געווען אַ יונג מיט פלינקייט און כוח, —
אַנגעשטרענגט איז געווען איר מוח.

ז.

דבורה הנביאה איז געזעסן אין שאָטן פון איר פאַלמע־בוים.
נאָכמיטיק געווען. לפידות האָט פאַרהאַלטן זיין אייזל ביים צוים
אַנטקעגן דער פאַלמע. די זון האָט גענידערט צום מערב זייט.
דבורהס פנים איז געווען פאַרטראַכט. — איר בליק פאַרקוקט אין דער ווייט, —
— וואָס זעט זי איצט זיין דבורה? מסתמא אַ שווערער געווען דער טאָג,
ווי גוט, וואָס איצט איז קיינער שוין נישטאָ, מיט וואָס וואָלט ער געקאָנט די וואָג
אויף איר שולטער פאַרגרינגערן? אַ שופט ביים פאָלק איז שווערער עול,
האָט ער שטיל געמורמלט. און געזאָגט האָט ער מיט ליבשאַפט אין קול:
— דבורה, מיין ווייב, עס רייט איצט דיין מאַן אהיים פונעם פעלד,
אויב מער קיין משפטים נישט היינט. איז קום אין געצעלט
פאַר אָפרו, און אַביסל פרייד. — עס איז הונגעריק נאָך דיר איצט דיין מאַן.
און דבורה האָט אויפגעהויבן איר בליק און געזאָגט: — די רשעות פון כנען
איז שווער אויף אונדזער פאָלק. — איך האָב אַ שליח נאָך ברקן געשיקט.
לפידות האָט נאָכגעלאָזט די צוים, און אַ פאַרטראַכטער זיך צעוויגט
אויפן רוקן פון אייזל. דער באַרג פון אפרים האָט אויפגעגליט
מיט גאָלד פון דער פאַרגייענדיקער זון פאַר דעם אייזלס טריט.
דבורה האָט לאַנג און מיט ליבשאַפט זיין דערווייטערונג נאָכגעקוקט,
איר פנים האָט געגליט און אירע דינע אַקסל האָבן שטום געצוקט.
שטיל און ציטעריק האָט וואָרט פון איר מויל זיך צעוויגט,
און זי האָט אַ ליד אים נאָכגעשיקט.

ח.

— לפּידות, מײַן מאַן,
מײַן צוטרוי, מײַן רו, —
איז ערגעץ פֿאַראַן
אַזאַ נאָך, װי דו?

— דו ביסט מײַן פֿאַרמעג,
מײַן שװעל און מײַן טיר, —
מײַן האַרץ איז אין װעג
מיט ליבשאַפֿט נאָך דיר.

— װאַרט, װאַרט אויף דער שװעל,
כװעל קומען צוגײן
אין היהשער פֿעל
פֿון סיסראַ'ס געבײן.

— און זאָגן װעל איך
גוטן־אָװנט צו דיר,
װעסט אויסטאָן די שיך,
און קומען צו מיר.

דורך אָפֿענער שויב
אַ שטערן צעגליט,
װעט הערן מײַן לויב,
מײַן זינגענדיק ליד.

און זינגען װעט ער
אינאײנעם מיט מיר
דורך פֿרײדיקער טרער
געזאַנגען צו דיר.

— צו דיר, אָ, מײַן מאַן,
מײַן צוטרוי, מײַן רו,—
איז ערגעץ פֿאַראַן
אַזאַ נאָך, װי דו?

ט.

די אוונט שעה האָט זיך געשאָטנט אויפן באַרג פון אפרים,
ווען אָנגעריטן אויפן אייזל האָט ברק, דער זון פון אבינועם,
און שטרענג האָט געזאָגט צו אים דבורה: — איך וואַרט דיר צו זאָגן,
אַז איצט איז די צייט די כנענים אויף טויט צו דערשלאָגן.
— צי באַלד זיך צום באַרג פון תבור, און נעם פון די שבטים
נפתלי און זבולון צען טויזנט. און געדענק, קיין טראָפן גענאַד אים,
דעם כנעני נישט געבן! נו, גיי, און סיסראַן מיט זיינע כאַריאָטן
וועל איך צום טייך קישון דיר ברענגען. נו, גיי, און טו וואָס געבאָטן
איז איצט צו דיר, ברק! און ברק, דער זון פון אבינועם,
האָט טיף זיך געבוקט פאַר דבורה הנביאה פון אפרים,
און איר געזאָגט אַזוי צו זאָגן: — איך וועל, אויב מיטגיין וועסטו אויך, דבורה!
און דבורה האָט געשמייכלט: — אָ, ברק, האָסט גאָרנישט קיין מורא
פאַר מענטשנס געלעכטער? פאַר חוזק? וואָס וועט מען דען זאָגן?
— די האַנט פון אַן אישה האָט סיסראַן — דעם רשע, דערשלאָגן! —
אַזוי וועט מען זאָגן, און וועט דאָס נישט אָרן אַ זכר, אַ שטאַרקן,
אַז איבער די גאַסן און אויף אַלע צערוישטע געמאַרקן
וועט אויפגיין פאַר אישה דבורהן אַ לויב, און געזאַנג פון געזאַנגען?
אַזוי האָט זי געזאָגט, און אויפגעשטאַנען איז זי, און זי איז געגאַנגען
מיט ברקן דעם זון פון אבינועם
און מיט דער מחנה פון אפרים
דורך בערג און דורך טאָלן
אויף אָפּצוצאָלן
דעם כנעני סיסראַן פאַר די רציחות.
און נישט אומזיסט איז אַזאַ יחוס
אויך איצט ביי אונדז דבורה.
ווי אַ צעלויכטענע מנורה
איז זי צעשיינט
ביז היינט!

י.

די שלאַכט ? אַ, די שלאַכט ! ברק אַ באַזעלטער און דערהויבן
פון דבורהס מיטגיין, האָט אָנגעהויבן דרויבן און צעשטויבן
דעם שונאס חיל אויף די קעמלען און אין כאַריאָטן.
דער האַרטסטער שטיין האָט זיך צעדריבלט און צעשאָטן,
ווען אויפגעהויבן האָט איר קול דבורה.
געפאַלן איז אויף שונאס האַרץ אַ פּחד און אַ מורא,



יעל און סיסרא — דאָרען

און סיסרא איז פון שלאַכטפעלד אַ באָרוועסער אַנטלאָפן.
אַן אישה, נישט קיין יידישע, האָט סיסראן אָנגעטראָפן.
— אַביסל וואַסער האָט ער אין ציטערניש ביי איר געבעטן,
און זי האָט אים געלאָזט איר שוועל אַריבערטרעטן,

און מילך צו זשליאָקען אים אין פולער מאָס געגעבן.
— אַ דאַנק! אַ דאַנק! דערהאַלטסט מיך ביי דעם לעבן!
האָט ער געמורמלט, ציטערדיק. — וועט ווער דיך פרעגן,
איז זאָג, — נישט געזען דאָ קיינעם אויף די וועגן, —
האָט ער נישט אויפגעהערט צו פרעפלען טיף דערשראָקן.
און יעל האָט סיסראן איינגעשלעפערט און מיט אַ פלאָקן
דעם שאַרבן אים געלעכערט. נישט ברק און נישט דבורה,
נאָר יעל, די נישט-יידישע, — צעשיינט איז זי אויך, ווי אַ מנורה
ביים פאָלק ישראל — געזאַנג צו יעלן!
האָט אַ צעלויכטענע דבורה נישט אויפגעהערט צו שאַלן!
אַ שאַלנדיק געזאַנג, — פריידיקע נחמה,
מיט אַ צומיש פון נקמה:
— עס וואַרט דאָרט סיסראס מאַמע, זי פאָרשט אויף אַלע וועגן,
עס גרייטן זיך די בתולות דאָרט אַוודאי צו לויפן אַנטקעגן
דעם שווערן זאַק-רויב ביי זייערע באַליבטע קריגער, —
זיי מיינען, אַז אויך איצט איז סיסרא דער זיגער!
זיי מיינען! — נו, זאָלן זיי דאָרט מיינען!
באַלד, באַלד, און וויסן וועלן זיי, וואָס מיינט באַוויינען
געפאַלענע פון אייגענע אין שלאַכטן!
זיי וועלן זיך באַזינען, זיי וועלן זיך באַטראַכטן,
און מער נישט צינדן איבער יענעם
דאָס פייער פון גיהנום!
און מער נישט טראַכטן פון נקמה,
און מער נישט פירן קיין מלחמה!

דאָס שאַלנדיק געזאַנג פון דבורה הנביאה, —
געזונגען האָט זי אין צעלויכטענער עליה:
— זינג, אָ, ברק! זינג, ישראל! זינג צו יעלן העל דערהויבן!

געזונגען האָט זי, און זיך אַליין אויך נישט געלאָזט באַרויבן
פון אייביקייט פאַר אַלע דורות ביי דעם פאָלק ישראל.
— געציטערט האָט דער באַרג, געציטערט האָט דער טאָל,
דער רשע סיסרא מיט זיין חיל און די כאַריאַטן
האָט אונדזער האָב און גוט געטראָטן,
מיין פאָלק געלעבט האָט דורך טעג און נעכט אין מורא,
ביז אויפגעשטאַנען צווישן דעם בין איך דבורה,
אַן אישה פונעם לאַנד אפרים,
גערופן האָב איך ברקן, דעם זון פון אבינועם,
און אויפגעהויבן קול מיינס האָב איך מיט גרויס צאָרן,
און זעט, אַ מאַמע אין ישראל בין איך דאָך געוואָרן!



לי — גיב אים קרבן אויף מזבח,
און צו גאָט אַ ריינע תפילה, —
שמואל — שונא פון קטורת־ריח
אויך צו גאָט אפילו.



עלי און שמואל. בילד: דארען

עלי — שטילער צוטרוי און הכנעה,
ווי די שאָף צום פּאַסטוך אירן, —
שמואל — גרויזאמע התראה,
פירער פאָלק צו פירן.

עלי — אַפּשײַן ליבער,
איבער אָוונטיקע וועגן, —
שמואל — צאָרן פון אַ גבור,
ברויזנדיק דעם ווינט אַנטקעגן.

עלי — היטער און באַהיטער
פון קדושה אינעם אָרון, —
שמואל — פײַער-פלאַם צעגליטער,
דראָענדיקער צאָרן.

עלי — די ממלכת-הכוהנים,
שמואל — פּראָסטע פאָלקס-מלוכה, —
ביידע אויף פאַרשיידענע אופנים
דער באַגער פאַר פאָלקס מנוחה.

עלי — שבת, יום-טוב און ראש-חודש,
שמואל — וואָך, וואָס איז קדושה, —
עלי — שירה ריינע, — כולו קודש,
שמואל — אייביקייט — ירושה.

ב.

וואָס האָט שמואל יענעם אָוונט אין ישוב פון גלגל געטאָן?
האָט ער געהאָלפן די נשים דאָרט נייען, און העפטן די פאָן
פאַר דער מלוכה, וואָס האָט געהאַלטן אין קומען פאַר פאָלק זיינס ישראל?
אָדער די קינדער אַ מעשה דערציילט פאַרן שלאָף פון אַמאָל און אַמאָל,
צי גאָר פון יבש און גלעד, וואו זייערע פאָטערס זיינען דעמאָלט געווען?
אפשר איז ער געזעסן אַליין אין ציטער פון דעם, וואָס האַלט אין געשען?
הענגט דאָך דער גורל ביי יבש און גלעד איצט פאַר ישראל, —
איז מחנה געשטאַרקט? איז מוטיק דאָרט שאול?
שלאָגט ער דאָרט עמונס חיילות, צעשטויבט זיי אויף שטויב
פאַר זייער רשעות, פאַר מאָרד און פאַר רויב?
עס שלאָגט זיך די מחנה אין יבש, און שאול איז דאָרטן מיט איר.
שאול געפעלט אים, — אויב ערדישער מלך, קום, שאול, רעגיר,

שמיד אוים די גאַנצקייט, — די טריט אין איין טראָט,
נישט מער קיין באַזונדער, נאָר אַלץ אין אחד!
פשוט איז שאול. איז הויך און איז שטאַרק, ער איז פון היימישער ערד,
ציט די יניקה פון אייגענער מי, און האַרץ זיינס באַגערט
מנוחה פאַר זיך און זיין פאָלק. שאול געפעלט אים, אַזוי ווי ער איז, —
אַ יונג ביי דעם אַקער, איז פלינק אויך מיט שווערד און מיט שפּיז.
איצט פירט ער די מחנה ביי יבש אין גלעד אין שלאַכט, —
גאָט, ווי שווער און ווי לאַנג עס ציט זיך די נאַכט!

ג.

גלגל איז געווען איינגעהילט אין לבנה-שיין, און שמואל האָט געשפּאַנט
איבער די דרימלענדיקע געסלעך און געטראַכט פונעם פאָלק אינעם לאַנד,
וואָס איז צעבענקט נאָך אַן ערדישן מלך מיט קרוין אויף אַ טראָן.
— ווילן פון פאָלק איז ווילן פון גאָט, איז וואָס זאָל מען טאָן?
אים איז נישט ליב קיין ערדישער מלך איבער ישראל.
שווער וועט זיין פאַרן פאָלק אָט דער עול,
אָבער דאָס פאָלק איז צעבענקט נאָך דעם אין דער שטיל,
וועט ער דעם געבן דאָס, וואָס עס וויל!
אפשר וועט דאָך אָט אַזוינער שמידן די רינגען אין קייט,
און אויפגיין וועט ברכה פון גאַנצקייט און פרייד?
שאול איז הויך און שיין אין געשטאַלט, איצט פירט ער אַ שלאַכט, —
שמואל האָט זיך געזעצט אויף אַ שטיין און האָט זיך פאַרטראַכט, —
עלי הכוהן, זיין מדריך, זיין רבי, האָט מיט זיינע קינדער געשיקט
דעם אָרון-הקודש אויפן שלאַכט-פעלד, און האָט נישט באַגליקט.
געפאַלן זיינען די קינדער און אָרון געפאַנגען פון פלישתים אין פעלד.
דעמאָלט פלישתים און איצט איז דאָס עמון. איז שאול באַזעלט
פירער צו זיין? מלך צו זיין? דער גורל אויף וואָג-שאָל, עמון איז שטאַרק, —
שמואל האָט געקוקט צו דעם וועג, וואָס האָט זיך געדרייט אויפן באַרג.
האָט ער געדרימלט? קאָן זיין, אַז יאָ, לבנה פאַרשוואונדן, אַוועק,
און איבערן באַרג אַ פאַסיקל גאָלד, — אַן אָנזאָג, די זון אויפן וועג.
די זון? נו, יאָ, אַוודאי די זון מיט איר גאָלדענער שיין,
אָבער פון יבש און גלעד נישט קיינער, איז וואָס-זשע וועט זיין?

ד.

קאַיאָר איז אין גלי,
נאָר עדה נישט הי,
וואו־זשע איז זי?
אין יבש, אין גלעד?

דאָס טייכל זיך שווענקט,
עס קוקט אוים פאַרבענקט. --
דער גורל — ער הענגט
ביי יבש און גלעד!

שמואל צעוואַכט,
אַוועק איז די נאַכט,
און גאָרנישט געבראַכט
פון יבש און גלעד!

שטיל איז דער מאַרק,
אַזוי אויך דער באַרג, —
עמון איז שטאַרק
ביי יבש און גלעד!

איז שאול נאָך דאָ?
עס ציט זיך די שעה,
און גאָרנישט נישטאָ
פון יבש און גלעד!

די נאַכט איז אַוועק,
און שטיל איז דער וועג,
עס שטאַרקט זיך די שרעק
פאַר יבש און גלעד!

דער טאָג קומט שוין אָן,
די מחנה, די פאָן, —
אַלץ, אַלץ איז אין קאָן
ביי יבש און גלעד!

דער באַרג שוין צעגליט,
און האַרץ איז צעבריט,
מען הערט נישט קיין טריט
פון יבש און גלעד.

ה.

גאָלד האָט געזוימט דעם שפּיץ פונעם באַרג, און אָנגעזאָגט דעם אויפגאַנג פון דער זון, —
איז שאול באַזעלט, ווי באַזעלט איז געווען דער קריגער יהושע בן נון?
שוין העלער קאַיאָר, דער שפּיץ פונעם באַרג איז שוין צעגליט!
אָבער עס עכאָט קיין קלאַנג נישט איבער אים פון קיין טריט.
שמואל איז געזעסן אויף אַ שטיין ביי אַן אַלטן, האַלב-חרובן געצעלט.
גלגל האָט זיך שוין געטשוכעט פונעם שלאָף. פינטעלעך ברוינע האָבן זיך צעהעלט
אינעם אָפּשיין פונעם ערשטן זון-צעגלי אויפן באַרג. שטיל האָט דאָס געוואָי
פון די שאַקאַלן דורך דער נאַכט נאָך אומגעציטערט אין דער לופט. געהאַנגען איז דער טוי,
ווי אַ דינער, דורכזיכטיקער ליילעך איבערן טאָל. שווער צעכליפּעט אויפן קול
האָט זיך אַן אייזל פון ערגעצוואו, און אָפּגעענטפערט האָט דעם אַ קעמל פון טאָל
נאָך מיט אַ שווערערן כליפּ, — זאָל דאָס, חלילה, אַן אָנזאָג אויף אומגליק זיין?
שמואל האָט אויפגעציטערט, געדרייט זיך איבערן שטיין אין שווערער פּיין.
די זון איז שוין דאָ, דער באַרג איז באַגילדט,
אָבער דער וועג איבער אים איז אַלץ נאָך פאַרשטילט.
איז עמון באַזיגט? צי אפשר, חלילה? ער פילט, ווי די גרויל
גליווערט זיין לייב, און פרירט אים דאָס מויל.

ו.

גאָט פון ישראל,
פאָלק דיינס אין קאַן!
קנעכט דיינער שמואל,
וואָס זאָל ער טאָן?

איז די תפילה
נישט דערהערט?
איז שוין, חלילה,
אַלצדינג פאַרצערט?

רשעות איז עמון,
פאָכיקער שווערד,
אויפגיין אין פלאַמען
וועט אונדזער ערד?

ווינטל צעוויגט איז
איבערן וועג,
מחנה באַזיגט איז?
יאָגט זיך אין שרעק?

שאול געפאַנגען?
לאַנד איז פאַר רויב?
צייטיקע זאַנגען!
זאַפטיקע טרויב!

מיד און צעבראָכן,
שווער איז זיין קאָפּ,
— בטחון! בטחון!
לאָז מיך נישט אָפּ!

קינדיש ביסט, שמואל,
שרעקסט זיך אומזיסט, —
זיגער איז שאול,
עמון איז מיסט!

ז.

גלגל האָט זיך צערודערט. אַ שוויַיגנדיקע פרוי האָט צום באַרג געווענדט איר בליק
אויסגעהונגערט נאָך מאַן, וואָס איז אויף שאולס רוף אַוועק, און איז נישטאָ צוריק.
— וועט ער קומען? צי, חלילה? אַקסל אירער ציטערט, צוקט.
און זי שטייט אַ שטומע, און זי קוקט און קוקט,
און דער גלי פון דעם קאַיאָר
ציטערט איבער אירע האָר.
און אויך שמואל האָט צום באַרג געקוקט, זיַין בליק האָט זיך געגראָבן איבערן וועג,
וואָס האָט שטום זיך געשלענגלט פונעם באַרג אַרונטער, פאַרוואָרפנדיק דעם עק
אַרום אַ גרויען פעלז, אַן אָפּגעריסענעם, וואָס האָט געשטאַרצט, ווי וואונד אויף לייב.
שמואל האָט געטראַכט פון משהס ליכטיקער ירושה, און פונעם ביסל איבערבלייב,
וואָס גליט נאָך דאָ און דאָרט ביים פאָלק, — זעט אוים, אַז משכן בלויז
איז נישט גענוג. עס פעלט דער ברויז,
דער כוח, וואָס זאָל געשטאַלטיקן געבאָט,
ווי געווען איז משה מיט דער שטראַליקייט פונעם אחד.
נו, און שאול? איז ער דער כוח, וואָס ער מיינט?
ערגעצוואו האָט אַן אייזל זיך צעוויינט,
און אָפּגעענטפערט האָט דעם שמואלס האַרץ אין שרעק,
און זיַינע אויגן האָבן זיך געגראָבן אינעם וועג,
צי עס קומט נישט ווער
פון דאָרט אַהער?

ח.

שמואלס פינגער האָבן שטיל און ציטערדיק געגלעט דאָס זילבער אויף זיין באָרד.
ער איז געזעסן אומרואיק, און דאָך אַ צוגעוואָקסענער און צוגעשמידטער צו זיין אָרט,
אַזוי ווי עלי איז ביים משכן-שוועל אַמאָל געזעסן, און אין ציטערניש געוואַרט
אויף דעם אומקער פון די קריגער אין פלישתים-לאַנד. ער האָט געשאַרט
מיט די ציטערדיקע פינגער איבער דער ווייסקייט פון זיין ברייט-מאַסיוון קאָפּ,
און אָנגעשטרענגט געקוקט צום באַרג, צי לאָזט זיך עמיצער שוין נישט אַראָפּ,
נאָר וועג איז שווייגנדיק געווען, — געלעגן אין גאָלד-קאָליר פון זון צעגליט.
עלי האָט געוואַרט אויף זיינע קינדער און דעם אָרון. און שמואל האָט געוואַרט אויף טריט
פון דער מחנה און שאולן דעם פירער אירן, — אַז וויי און ווינד און ווינד און וויי,
אויב, חלילה, אָט דאָס וואַרטעניש וועט זיין אומזיסט! אַ ווינטל האָט געטאָן זיך אַ צעוויי
איבער שמואלס פנים, און אינעם ווינטל האָט ער דערפילט די ליבשאָפט פון אַ האַנט
טרייסטנדיק און צערטלענדיק. און פלוצלינג האָט ער בשורה טובה שוין געאַנט,
און אַזאַ רו איז איבער אים געקומען. האָט דאָך מאַמע זיינע אים געבראַכט
מיט אַזוי פיל צוטרוי אינעם משכן פון ישראל! דערהערט האָט ער דאָס קול פון יענער נאַכט
וואָס געהערט האָט ער אין משכן. דעמאָלט ציטערניש געווען, און איצטער אַזוי קלאָר דאָס קול:
— נישט דער גייסט, וואָס איז אין אָרון צוגעדעקט, נאָר מענטש אין שווערן עול
וועט דערהייבן און פאַרבינדן די באַזונדערקייט, צעריסנקייט אין טראָט
אייניאיינציקן, — הער! הער! ער קומט אַ זיגערישער מיטן וואָרט פון דעם אחד!

ט.

גלגל יובלט. שירה זינגען אַלע שוועלן!
אַזאַ טאָג אַ ליכטיקן, אַ העלן
נישט געווען שוין לאַנגע צייטן!
מחנות שפּאַנען, מחנות רייטן
פון דעם הויכן באַרג אַרונטער,
און זיי זינגען רוישיק, מונטער, —

# שמואל

שיר לשאול — אונדזער גבור,
און דער שיר זיך וואַרפט אַריבער:
— הודו לד'שם, שאול! שאול! שאול!
וואו איז אונדזער נביא שמואל?
— הודו! הודו! שוין נישטאָ איז עמון!
דערפער זיינע שוין אין פלאַמען!
זיינע קריגער, זיינע שעכטער
זיינען איצט שוין צום געלעכטער
קעגן קריגער פון ישראל!
וואו איז שמואל? וואו איז שמואל?
— הודו! הודו! זינגען אַלע שוועלן! —
אַזאַ טאָג אַ ליכטיקן, אַ העלן
האָט מען נישט געזען שוין לאַנגע צייטן!
מחנות שפּאַנען, מחנות רייטן!
— הודו לד'שם, שאול! שאול! שאול!
וואו איז אונדזער נביא שמואל?
זאָל ער הערן! זאָל ער וויסן!
אָפּגעווישט און אויסגעריסן
איז דער שונא פון ישראל, —
וואו איז שמואל? וואו איז שמואל?
נשים מיט די הענט געשפּרייטע,
אויפגעלויכטענע, דערפרייטע,
קינדער אויפגעשטראַלטע
ביי די טירן ברייט צעפּראַלטע,
און מיט זיי די זון אין פלאַמען:
— הודו! הודו! שוין נישטאָ איז עמון!
שיר לשאול! אונדזער שאול!
וואו איז שמואל? וואו איז שמואל?

### י.

שמואל איז געשטאַנען אַ דערהויבענער, צעלויכטענער, צעוויגטער.
עמון איז געשלאָגן! עמון ליגט שוין אַ באַזיגטער,
און ישראל איז צונויפגעשמידט אינאײנעם.
— ציטערט פעלקער, — איר, ישראלס שכנים,
זאָלט קיין האַנט נישט הויבן אויף ישראל.
— הודו לד׳שם! הודו, הודו, שמואל!
זינגנדיקע פרייד
האָט זיך ברויזנדיק געשפּרייט,
און די גאַנצע לופט
איז געוועזן צערופט:
— הודו, שאול!
— הודו, שמואל!
און אַז שאול האָט געשטעלט זיך פאַרן נביא קאָפּ געבויגן,
האָט אַ ליכט זיך אויפגעהעלט אין זקן שמואלס אויגן.
גלגל האָט געיובלט: — שיר לשאול! אונדזער שופט שאול!
— ניין, נישט שופט, נאָר המלך שאול, — האָט צעברומט זיך שמואל,
און געבענטשט האָט ער דעם פאָלק מיט שלום און מנוחה,
און די זון האָט אויפגעהעלט איבער ערשטער יידישער מלוכה.



**עלעבט** האָט אליהו אין די גאָר אַלטע צייטן ?
גיי, גיי, דו מוזט אים אַוודאי פאַרבייטן
מיט עמיצן אַנדערש אין דער צייט פון אחאב המלך !
עס איז אַזוי פריילעך
צו טראַכטן, אַז אויך אין די איצטיקע טעג
איז ער מיט אונדז אויפן וועג.
— אָט איז ער ! אָט גייט ער !
די הענט זיינע שפרייט ער
אויף יעדן פאַרקלעמטן,
אויף יעדן פאַרשעמטן.
געפאַלענעם הויבט ער,
באַליידיקטן לויבט ער.
אין אַלע מקומות
איז ער אין הלומות
פון קינדער אין וויגן.
ער איז אונדזער ניגון
מיט האָפענונג צעברומטער :
— אָט גייט ער ! אָט קומט ער !
און בלאָנדזשען מיר איבער אומהיימלעכע וועגן,
קומט ער אַזוי ליבלעך אַנטקעגן,
און שבת גייט אויף אינמיטן דער וואָכן.
ער ברענגט אונדז בטחון,
און שטאַרקט אונדזער מוט.
אַז וואויל, און אַז גוט
מיט אים איז דער גאַנג.
ער איז דאָס געזאַנג
פון לויטערסטן ליד
פאַר גייענדיקע טריט.

ב.

אליהו הנביא,
התשבי?
הגלעדי?
נו, און יאַניוועקע?
קאַשיוועקע?
טיטשעוו?
בערדיטשעוו?
בריסק?
טריסק?
לוצק?
סלוצק?
און אוסטילע?
און דאָ אויך אפילו
אַריבער די ימים?
ווער קאָן פאַרצאַמען
די וועגן
אַנטקעגן
אליהון צו שפּאַנען
פון דאָרטן ביז דאַנען,
און ווייטער, נאָך ווייטער?
פלאַמיקער רייטער,
און פשוטער גייער,
טרייסטער, דערפרייער, —
אויף גאַנצענער וועלט,
זיין ליבשאַפט צעהעלט!

ג.

לידעלע שיין,
מעשהלע ריין
זינגט זיך אַליין,
דערציילט זיך אַליין.

— אליהו, אליהו!
ביסטו עס, ביסטו?
— נו, יאָ, ווער־זשע דען?
דו קאָנסט מיך נישט זען,
ווייל טונקל די נאַכט.
— און וואָס האָסטו געבראַכט
הינטער דיין ציגענער פעל?



צייכענונג — זוני מאוד

— אַ זעקעלע מעל
צו דיר אויפן שוועל,
און ראָזשינקע־וויין,
און ליכטלעך מיט שיין,
אַז ליכטיק זאָל זיין,
אַז שבת זאָל זיין.
— און ווי קוקסטו אוים?
— נישט קליין און נישט גרוים,
נישט שווער און נישט גרינג,
אָ, קינדעלע, זינג:
— שבת שבתון,

שמחה וששון,
הימל דער חתן,
ערד איז די כלה,
איז זינגען מיר אַלע
אינאיינעם, אינאיינעם
אונטער דעם הימל, דעם ריינעם
מיט הענטלעך געשפּרייטע,
און הערצלעך דערפרייטע:
— אליהו הנביא,
התשבי,
הגלעדי!

ד.

— איז דער, וואָס אין תנ״ך
אַן אַנדערער גאָר?
— זיי זיינען אַ סך
בכל דור ודור!

אָן זיי וואָלט די וועלט
קיין וועלט נישט געווען, —
זיי זיינען צעהעלט,
כדי מען זאָל זען!

זיי זיינען געזאַנג
פון ליכטיקן ליד, —
זיי זיינען דער גאַנג,
פון מענטשלעכע טריט!

זיי זיינען דער טרוים,
וואָס צערטלט און גלעט, —

הער, הער, ווי דער רוים
פון זיי איז צערעדט!

אַן זיי וואָלט בלויז גוף
געווען אונדזער ערד, —
זיי זיינען דער רוף,
וואָס הערט זיך, דערהערט!

זיי זיינען דער דרוק
פון ווינט אין געברויז, —
זיי זיינען דער קוק
צום ווייטן פאַראויס!

זיי זיינען דער דראַנג
אין דעם אוניווערז, —
אליהו, — דאָס געזאַנג
פון אָטאָ דעם פערז.

— און דער פון תנ״ך,
באַקאַנט איז ער דיר?
— וועסט בעטן אַ סך,
דערצייל איך דאָס דיר!

ה.

**שפּעטע, אָוונטיקע שעה, — צימער איז טונקל, צימער איז שטיל.**
קינד אינעם בעטל, עס שלאָפט נישט — אַ מעשהלע וויל,
**איז אליהו הנביא אַ מעשהלע שיין,**
**הערט, עס דערציילט זיך, דערציילט זיך אַליין,**
**ציט זיך און ציט זיך און ציט,**

זוניקט זיך שטיל אַזוי ווי אַ ליד.
פּרעפּלט דאָס קינד אינעם בעטל מיט אויגעלעך צו:
— אליהו הנביא, אָ, אליהו!
ביסט אַזוי גוט און ביסט אַזוי שיין,
קום־זשע צו מיר אַמאָל אויך צו גיין!

ו.

און די פאַלשע נביאים פיר הונדערט און פופציק אין צאָל
האָבן געליאַרעמט, — יעדער איינער אויף זיין קול,
און אַלע אין דער לופטן די הענט אויסגעשפּרייט:
— זע, סאַראַ אַן אָקסל אַ פעטס מיר האָבן פאַרגרייט
אויפן מזבח, גאָט, אונדזער גאָט,
קום־זשע מיט פייער און פלאַמען, און בראָט!
אָט אַזוי האָבן זיי געליאַרעמט, און אליהו האָט געלאַכט, רייצנדיק זיך מיט זיי:
— העכער, העכער, אייער געשריי
האָט אַלץ נאָך אייער גאָט נישט דערגרייכט!
אחאב דער מלך איז געשטאַנען דערביי, זיך אין פּנים געבלייכט,
אויך דאָס פאָלק איז געשטאַנען און געקוקט, געקוקט.
אָבער ווען אליהו הנביא האָט זיך געבוקט
מיט זיין פּנים אַראָפּ צו דער ערד,
איז באַלד זיין תּפילה געוואָרן דערהערט,
אַ פלאַם איז געקומען, דעם קרבן פאַרצערט!

אָט אַזוי ווערט וועגן אליהו הנביא דערציילט אין תּנ"ך,
און אויך מעשהלעך אַנדערע, — מעשהלעך אַ סך, —
זיי זיינען אָן אַ סוף.
שלאָף־זשע שוין, שלאָף.
אָבער שלאָפסט שוין גאָר, דאַכט זיך, און הערסט מיך שוין נישט, —

שלאָף־זשע געזונט, און שטיי אויף דערפרישט.
— ניין, ניין, איך שלאָף נאָך נישט, טאַטע, איך הער דיך, איך הער,
זאָג מיר, וועט אליהו אַמאָל קומען צו אונדז דאָ אַהער?
— זיכער אַוודאי, — וואָס הייסט? ווי זשע דען?
וועסטו נאָר זוכה זיין, וועסטו אים זען!
— דערציייל־זשע מיר, טאַטע, נאָך מער, —
איך הער דיך, איך הער!

ז.

אליהו האָט אלישען זיין מאַנטל געגעבן,
געזאָגט אים: — מיין תלמיד, נעם איבער!
און אַז עס האָט זיך דערזען דער פלאַמיקער רייטוואָגן שוועבן,
האָט שטיל זיך אלישע צעוויינט: — אוי רבי, מיין ליבער!
אָן דיר וועט אַ שווערס זיין דאָס לעבן,
אוי רבי, נישט לאָז מיך דאָ איבער!

— אלישע, אלישע, מיין צייט איז געקומען,
זע, זע, אָט איז שוין דער וואָגן!
אלישע האָט טרויעריק דעם מאַנטל גענומען,
געוואָלט צו זיין רבין נאָך עפּעס זאָגן,
נאָר פלאַמיקער וואָגן האָט אליהון פאַרנומען,
און אָנגעהויבן בליציק צום הימל זיך יאָגן.

— אוי, רבי, מיין רבי! — אַ וואָלקן האָט רויט זיך צעצונדן,
און באַלד זיך צעפלאַקערט, — אַ העלישער שייטער!
דער הימל באַפלעקט, ווי מיט בלוטיקע וואונדן,
און העכער, אַלץ העכער, און ווייטער, אַלץ ווייטער
דער פלאַמיקער וואָגן, און באַלד איז פאַרשוואונדן
פון אים שוין זיין רבי, דער רייטער!

אלישע אין ציטער איז דעמאָלט אַנידערגעפאַלן,
געוויינט אויפן קול: אוי רבי, אוי רבי, געטרייער!
די לופט האָט צעשפּילט זיך אין פאַרביקע שטראַלן,
דער הימל געוואָרן איז פלאַמיקער פייער,
און קולות אויף קולות האָבן אָנגעהויבן שאַלן:
— אַ נביא פאַרגאַנגען, עס קומט אָן אַ נביא, אַ נייער!

ח.

און מלאכים האָבן אליהון אויפגענומען,
און אים געבראַכט צו הקדוש ברוך הוא.
— זע, סאַראַ גאַסט עס איז געקומען, —
ברוך הבא, אליהו!

אויפגעגאַנגען איז אַזאַ פריידיקע שירה,
ווייל זיך געפרייט האָט הקדוש ברוך הוא,
און געזאָגט האָט די גאַנצע יצירה:
— ברוך הבא, אליהו!

אַזאַ פאַרגאַפטער, געפּלעפּטער איז געשטאַנען
אליהו פאַר הקדוש ברוך הוא.
— זיינען קיין מענטשלעכע ליידן דאָ נישט פאַראַנען?
האָט געפרעגט אליהו.

— מענטשלעכע ליידן זיינען בלויז אין דער נידער, —
האָט געשמייכלט הקדוש ברוך הוא.
— נו, וועל איך צו אָטאָ דער נידער זיך אומקערן ווידער, —
האָט זיך געבעטן אליהו.

און פון אַ וואָלקן האָט ער אַרונטער געניִדערט
מיט דער ברכה פון הקדוש ברוך הוא,
און מיט דעם מענטשן שטאַרקער פאַרברידערט
האָט זיך אויף אייביק אליהו.

ט.

געטראָגן האָט אליהו הנביא אַמאָל זיך אימפּעטיק, צאָרנדיק, צעברויזט,
געלאָפן איז ער פונעם אייגענעם קול, וואָס געווען איז אין אים צערופט, —
געלאָפן און געוויגט איבער אייגענעם קאָפּ זיין ביילִיקע פויסט,
און נישט באַרואיקט זיך האָט ער אפילו, ווען ער האָט דערפילט די מדבר־לופט.

די מדבר־לופט נאָך וועלכער ער האָט געבענקט אין דער ענגשאַפט פון שטאָט,
האָט דעמאָלט נישט געלאָשן דעם פלאַם, וואָס אין אים האָט געברענט, —
ער איז געלאָפן, און נישט געפילט דעם גליעקן זאַמד פון אונטער זיין טראָט,
און נישט געזען, ווי די זון האָט איבער דער מדבר געבלענדט.

געפלאַקערט האָט זיין צאָרן, כאָטש טייל האָט ער היינט אין אחאבס פנים געשיקט.
דער טויט פון אומשולדיקן נבותן האָט געשריגן מיט קולות פון זיין בלוט.
איזבלס מעשים אין לאַנד ישראל האָבן זיין האַלדז אים פאַרשטיקט,
און אַלץ אין אים האָט זיך געברויזט און געוואָרפן, ווי אַ צעפאַכעטע רוט!

— אַ רוט! אַ רוט! נו, יאָ, אָט דאָס איז דאָך, וואָס קול אין אים מאָנט, און מאָנט,
און ער? — אַז ווײ און ווינד, ער קאָן קיין שטראָפנדיקע רוט נישט זיין!
דאָס מאָנענדיקע קול אין אים, — עס איז אים פון זיין יוגנט אָן דאָך גוט באַקאָנט,
אָט ווייך און מילד, ווי מאַמעס צאַרטע האַנט, און אָט געשריי, ווי חולה אין זיין פּיין!

און אים איז ליב די ווייכקייט און די מילדקייט פון דער מאַמעס צאַרטער האַנט,
ווי וואונדערלעך עס ווערט אים, ווען ער שפּילט זיך אויפן גאַס מיט עמיצנס אַ קינד!
— פאַרשאָלטן זאָל זי זיין איזבל, — זי האָט אַזוי צעגופט דאָס גאַנצע לאַנד,
אַז טויב געוואָרן איז דער אויער פונעם פאָלק, און אויג זיינס איז געוואָרן בלינד!

נאָר קול זײַנס — וואָס טוט מען מיטן קול? עס לויפֿט אים נאָך דעם גאַנצן וועג,
און שרײַט: — אַ פּחדן ביזטו, אליהו! לויפֿסט פֿון גורל אײגענעם, אַ, אליהו!
ווי קאָן מען אָט אַזוי? צוריק! צוריק! דאָס פֿאָלק וועק אויף, צעוועק!
אַ מענטש, ווי דו אַנטלויפֿסט? אַ מענטש, ווי דו, און אַ נביא נאָך דערצו?

— ווער וויל אַ נביא זײַן? — האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון צווישן זײַנע צײַן.
זאָל אַן אַנדערער נעמען אויף די אַקסל אָט־דעם שווערן, מוראדיקן עול!
— עס בענקט אַזוי מײַן האַרץ נאָך רו, און גוט איז זײַן אַלײן, אַלײן! —
האָט ער געראַנגלט זיך עקשנותדיק מיט דעם צעברויזטן און צערופֿטן קול.

נאָר נישט אָפּגעלאָזט האָט אים דאָס קול: — ווילסט רו? האָט פֿאָלק דײַנס רו אין פֿעלד?
שפּילט רואיק דאָרט דער פּאַסטוך אויפֿן כנור אין די טאָלן? אויף די בערג?
טוט מלך אחאב שוין נישט מער, וואָס זײַן איזבלען וואויל געפֿעלט?
און איז דער אָפּגאָט בעל, צידונישער, נישט מער שוין אויף די מערק?

— צוריק! צוריק, אליהו! דאָס פֿאָלק איז אומשולדיק, דאָס פֿאָלק איז ריין!
עס וואַרט אויף נביא זײַנעם! עס וואַרט אויף זײַן געלײַטערט וואָרט!
געהערט האָט אליהו דעם רוף, דאָס מויל געביסן מיט די צײַן,
און מיט די הענט געריסן זײַנע האָר פֿון קאָפּ און באָרד.

— שווײַג שטיל! פֿאַרשטום! — האָט ער געברויזט אין צאָרן אויף זײַן קול,
וואָס האָט אים נאָכגעיאָגט און אים גערופֿן אויף צוריק.
ער האָט אַ קער געטאָן זײַן טראָט צום זאַמדיק אויסגעשפּרייטן טאָל,
און איז געגאַנגען ווײַטער, ווײַטער, קריצנדיק די צײַן, עקשנותדיק.

געגאַנגען און געגאַנגען, בײַטשנדיק דעם שטח מיט זײַן בליק,
נאָר מער, ווי זאַמד און הימל האָט ער נישט געזען.
די זון האָט זיך צעווּיגט, ווי אַ הענגענדיקע אויף אַ שטריק,
און עפּעס אויסטערלישעס איז מיט אים געשען.

יא.

פלוצלינג, שווייגיק
אַלץ אין אים, —
ער איז שטייגיק
אין געשווים.

העכער, העכער
אין געאייל, —
דרימל ווייכער
אויף אַ ווייל.

האָט דער דרימל
קול פאַרשטילט?
זאַמד און הימל
זיך צעשפּילט.

נישט קיין ווינטל
אין געיעג,
בלויז אַ פינטל
אויפן וועג.

פינטל הוידעט
זיך און וויגט,
עפּעס סודעט
זיך פאַרשטיקט.

— שטילער, שטילער,
נביא קומט, —
עפּעס וויל ער,
האַרץ זיינס ברומט.

ברום צעברומטער
שטײַגט און שטײַגט,
גאָט פאַרשטומטער
הערט און שווײַגט.

וואָס־זשע טויג עס
אליהו?
גאָט איז ברוגז
אליהו!

מדבר וויסטע
שטום און שווער, —
טריט אומזיסטע
דאָ אַהער?

שטײַגיק, שטײַגיק
זײַן געברום,
אָבער שווײַגיק
אַלץ אַרום!

יא.

דער טאָג האָט ווידער זיך צעזוניקט אין זײַן זוניק־בלענדנדיק פאַרמעג,
געבלענדט האָט פאַרן אויג אַ שווײַגנדיקער דער שטח מיט דעם זאַמד,
אליהו, אַן אײַגעבויגענער, ווי אונטער שווערן עול פון אַ געפעק,
געטראָטן האָט צום מזרח, און האָריזאָנט האָט העלישדיק געפלאַמט.

געאײַלט האָט ער זיך איצט צום חורב־באַרג שוין נישט צום ערשטן מאָל,
די קילע שפּאַלטן פונעם חורב האָבן זײַנע וואונדן שטענדיק אויסגעהײלט.
די לופט אויף יענעם אָרט האָט אים געצערטלט מיט דעם עכאָ פון אַמאָל,
און אים בלחשדיק אַזוינע וואונדער־מעשהלעך דערציילט.

געטראָפן האָט דאָרט, אַז ער האָט אויך דעם דערציילערס פּנים קלאָר געזען,
געווען איז דאָס אָט כמורעדיק, און אָט קינדיש ליב און מילד, —
דאָס קול — אָט ווירבל־ווינטיק ברויזנדיק, און באַלד שוין בעטנדיק: — געגען,
און הער, דערהער, ווייל גאָרנישט, גאָרנישט איז פאַר מיר פאַרהילט.

אין אָט אַזוינע רגעס פלעגט ער אינגאַנצן ווערן אויג, און אָנגעשטרענגט געהער.
און וואָס ער האָט געזען, געהערט, געווען איז אַזוי דורכזיכטיק און קלאָר, —
עס איז געווען, ווי יוצר וואָלט פון דער יצירה אויסגעווישט אַ טרער,
און אַלץ וואָס חושך איז געווען איז אויפגעגאַנגען אין אַ ליכטיקן קאַיאָר.

אין אָט אַזוינע רגעס איז האַרץ זיינס אויפגעגאַנגען העל, צעגליט,
און אַלץ אין אים האָט אויפגעזונגען אַזאַ לויטער, העל געזאַנג, —
די גאַנצע אייביקייט האָט זיך אַ ליכטיקע געשפּרייט פאַר זיינע טריט,
און ער געטראָטן האָט אין איר, און גרינג איז אים געווען דער גאַנג.

און שירה האָט זיין האַרץ געזונגען, ווייל שירהדיק געווען איז אַלץ אַרום,
צעעפנט האָבן זיך די הימלען פאַר זיין בליק, און געהערט האָט ער און דערזען, —
אויך איצט אין גאַנג צו יענעם אָרט איז האַרץ זיינס נישט אינגאַנצן שטום,
עס איז אָן אָנגעפּילטס מיט שירה, אָבער נישט אַזאַ, ווי יענע איז געווען.

יב.

און געגאַנגען
איז אליהו
זינגענדיק געזאַנגען
צו דער רו.

— יוצר פון יצירה,
שטראַליקער אחד,
הער די שטילע שירה
פון מיין מידן טראָט.

מיד, און דאָך צעטרעטלט,
ווייל דער גאַנג צו דיר,
הער, ווי שטיל עס בעטלט
אַלצדינג איצט אין מיר.

ווייז מיר די יסודות,
ווייז מיר דעם יסוד,
עפן אויף די סודות,
סוד פון דעם אחד.

פלעמל, וואָס צעפלעמלט,
ווערן זאָל א פלאַם,
גרינגער וועל איך דעמאָלט
שפּאַנען איבער צאַם.

וואונדערלעכער יחום
זיין אָט-דאָס, וואָס איך,
אָבער די שליחות
שווער אַזוי אויף זיך!

עפּעס ווייס איך, אַן איך,
נאָר נישט אַלץ איז קלאָר, —
חלום איך, דערמאָן איך
באַלד זיך אָן דער וואָר.

וואָס אַזוינס די וואָר איז
איז מיר אויך נישט קלאָר, —
זע, די וואָר נישט קלאָר איז,
ווי עס דאַרף זיין וואָר.

פול בין איך מיט גלויבן,
גלויביקייט איז גוט,
אָבער אויפצוהויבן
זיך פאַר איר מיט רוט?

שטראָפנדיקע רוט איז
איצט אין שטיל געווײן, —
זע, ווי רויט דאָס בלוט איז
פון דער רוט אַליין!

יג.

געשפּאַנט האָט אליהו, אַ צעשוימטער, פאַרשנדיק דעם שטח מיט זיין בליק,
געוואוסט האָט ער, אַז דער חורב מוז זיין דאָ ערגעצוואו דערביי, נישט ווייט.
געשפּאַנט האָט ער און געטראַכט, אַז אויב זיין גורל איז צו גיין צוריק,
זאָל זיין גע׳מיט אין שפּאַלט פון חורב דערפרישן זיך און זיין באַנייט.

אויב זוכה זיין צו אַ חזיון וועט ער היינט אין דער שטילער נאַכט,
וועט ער אַליין דערציילער ווערן, און דערציילן וועט ער פונעם בעל,
וואָס די צידונישע כוהנים האָבן אינעם לאַנד ישראל מיטגעבראַכט,
און ווי ישראל איז געוואָרן פאַר די אָפּגעטער אַ קעלבער-שטאַל.

און ווי איזבל, מלך אחאבס מלכה, וואָס איז פונעם פרעמדן צידון-לאַנד
האָט פרעמדקייט אין איר שוים געבראַכט, און דעם פאָלק צעגופּט, —
אַ הויפן ווייכע ליים איז פאָלק ישראל איצט דאָך אין איזבלס האַנט,
און די קטורת אויף מזבחות צו די אָפּגעטער טראָגט זיך אין דער לופט.

און די כוהנים אָנגעפרעסענע און אָנגעזויפטע מיטן פלייש און ווין
פאַרלאַכן די עניים און אביונים, וואָס ברענגען מער נישט, ווי אַביסל מעל, —
די שופטים אויך אַזוי, — פאַרטונקלט איז אין גאַנצן לאַנד די שיין,
און אויסגעלאַסנקייט איז אויסגעשפּרייט ביי יעדער שוועל.

דער עושר דריקט דעם אָרימאַן, דער שטאַרקער אויפן שוואַכן מיטן טראָט,
און צום געוויין פון דער אלמנה און פון יתום איז מען טויב, —
פאַרגעסן האָבן אַלע אויבער־האַרן, וואָס אַזוינס עס מיינט גענאָד,
און ווער עס רעדט דערפון ווערט באַלד אַביסל אַש און שטויב.

— אָ, פאָלק מיינס! — האָט ער אַ צאָרנדיקער אויסגעשריגן אויפן קול,
און זיינע אויגן האָבן זיך, ווי פייער אָנגעצונדן און צעברענט, —
זיין טראָט האָט זיך אַ קער געטאָן פון אויסגעשפּרייטן טאָל
צו בערגלדיקער הויכקייט, וואָס האָט אין דער זון געבלענדט.

און ווען דער שפּיץ פון חורב האָט אַ וויג געטאָן זיך פאַר זיין בליק,
האָט אויפגעציטערט, אויפגעפלאַטערט יעדער אבר אין זיין גוף, —
ער האָט די ציגנ־פעל פון ציטערניש צום הייסן לייב געטאָן אַ דריק,
און ווידער איז דאָס קול אין אים געקומען מיט אַ נייעם רוף.

יד.

ק ו ל:

— אליהו, אליהו! וואוהין דאָס געיעג?
זינט ווען לאָזט אַ נביא איבער זיין פאַרמעג
אויף הפקר אין דער מיט פון וועג?

א ל י ה ו:

— שוין ווידער? — פאַרוואָס לאָזט מען נישט גיין?
די לופט איז דאָ לויטער און ריין,
און גוט איז צו זיין מיט זיך דאָ אַליין!

ק ו ל:

— אליהו! אליהו! נישט דאָ איז דיין אָרט!
דעם נביאס פאַרמעג איז זיין גליענדיק וואָרט,
און איצט נאָך פיל שטאַרקער באַדאַרף מען עס דאָרט!

א ל י ה ו :

— די לופט איז מיט שטויב דאָרט, און ביטער, ווי גאַל,
אויף אַלע געמאַרקן מזבחות צום בעל,
וואָס זיינען מטמא דעם גאַנצענעם כלל.

ק ו ל :

— דער כלל איז נישט טמא, — פאַרפירט איז ער בלויז,
קער אום זיך צוריק, און ברויז אויף, צעברויז,
ווער בעזים צעברויזטער, די טומאה קער אוים!

א ל י ה ו :

געפּרוּאווט שוין אויך דאָס, געפּרוּאווט שוין געפּרוּאווט,
דאָס פאָלק איז צעחומרט, דאָס פאָלק איז צעגופט, —
עס הערט נישט דאָס קול, וואָס שרייט און וואָס רופט!

ק ו ל :

— אויב נישט מיט געשריי, איז פּרוּאווט מען אויך שטיל, —
דאָס וואָרט, אַז עס ווייסט אַקוראַט וואָס עס וויל,
דערהערט זיך פיל שטאַרקער בלחש און קיל.

א ל י ה ו :

— בלחש, ווען אַלץ אין דער לופט איז זשאַריק צעגליט?
די ערד פון ישראל, — זי ברענט, און זי בריט
אַזוינעם, ווי איך בין, מיט פּריסיק די טריט.

ק ו ל :

— דער נביא בלייבט אויך איבער פּריסיק נישט שטיין,
ער גייט צום פאָראוים, — זיין גורל איז גיין,
און בריט אים דער טראָט, הינקט ער, און בייסט מיט די ציין!

אליהו:

— אַזוי גאָר? איז הייסט עס? אָ, גורל, ביסט קלאָר!
געמיינט מיטן חלום פאַרבייטן די גרוילִיקע וואָר,
וואָס הערשט אין מיין דור!

יז.

פלוצלינג, אַ ווינט און אַ וואָלקן, אַ בליץ און אַ דונער אַ שווערער.
אליהו איז געשטאַנען אויפן באַרג, געקוקט אין דער לופט, אין דער לערער, —
געוואַרט, אַז דער ברוויזיקער שטורעם
אַ הויב טאָן וועט אים צו דעם טורעם,
וואו אויפדעקן וועט זיך דער סוד
פון אחד,
וואָס איז בחדרי-חדרים,
בגנזי-נסתרים.
כאָטש טיף אין זיך האָט ער געטראַכט, אַז עס איז נישט אַזוי,
ווייל לא ברעש אדוני,
אָבער באַלד האָט דער שטורעם פאַרשטילט זיך,
און זע, די שטילקייט צעשפּילט זיך
צווישן אַלץ, וואָס איז דאָ אין יצירה.
דאָס זאַמד אין דער מדבר זינגט שירה
צום הימל, און הימל צעגליט און צעפלאַמט
זינגט מיט מיטן זאַמד,
און ביידע צום רואיקן ווינטל-געוויי,
און ווינטל מיט זיי
אין פרידלעכן ברומען.
אליהו האָט דערזען און דערהערט און באַנומען,
אַז סוד
פון אחד
אַנטפּלעקט זיך אין שפּיל און אין ליבשאַפט צו אַרבעט און שלום.
ער האָט זיך צעוועקט פון זיין חלום,
און בענקשאַפט דערפילט זיך צו בענטשן
מיט מענטשן.

יח.

נאָך איידער די זון איז פאַרגאַנגען
איז אליהו שוין געגאַנגען
צום פאָלק זיינס צוריק.
געגאַנגען איז ער זינגענדיק
און אויפגעלויכטענער פון פרייד.
כאָטש אוונט האָט זיך שוין געשפרייט
און טונקל איז געווען,
האָט ער געזען
די וואָר
אַזוי קלאָר,
און געגאַנגען צו איר מיט זינגענדיקע טריט.
געזונגען האָט אַלץ אין אים אַ ליד
צעלויכטן, צעהעלט
צו דער וועלט,
וואָס איז נאָך אין גאַנג,
און אויפגעכאַפּט האָט דאָס געזאַנג
דער גאַנצער אָרום.
— אָ, פאָלק מיינס! איך קום
צוריק צו דיין שוועל.
איך טראָג אין מיין ציגענער פעל
נישט נאָר מיין גוף,
נאָר אויך שוין דעם רוף,
וואָס רייסט זיך פון מיר
צוריק צו דיין טיר! —
געזונגען האָט אליהו
אין דערהויבענער רו.
געווען איז שוין נאַכט, אַ שפּעטע די שעה.
איז ווער־זשע איז דער, וואָס זאָגט אים אַ ברוך הבא?
— זע, זע, — אָט איז דאָך אַ ישוב שוין גאָר. —
געצעלטן, ווי חלום, און דאָך אויף דער וואָר.

אָט זעט ער, — אַ טיר איז צעפּראַלט,
און כאָטש עס איז טונקל, איז העל דאָך צעשטראַלט
דאָס פּנים פון מענטשן, וואָס וואַרט אויף אים דאָ
— אָ, ברוך הבא,
אליהו, אליהו!
— קום, קום, און רו
דאָ איבער די נאַכט.
אליהו האָט געלאַכט,
אין צעלויכטענעם גליק,
און באַלד זיך צוריק
אין פאָלק איינגעוועבט.
ווי גוט, וואָס ער לעבט
און שיינט
אויך היינט
מיט אונדז אָטאָ דאָ:
— ברוך הבא!
אליהו הנביא,
התשבי,
הגלעדי,
ווי גוט, וואָס ביסט הי
מיט אונדז איצט אויך דאָ, —
ברוך הבא!



ול מיט ציגנ-מעקעניש איז געווען די פרימאָרגנדיקע לופט,
און צווישן דעם אַ מענטשנס קול הילכעדיק צערופט:
— דריי מאָל געזינדיקט, און איצט צום פערטן מאָל?
די פּאַסטוכער אין דעם אויסגעשפּרייטן טאָל
האָבן די אַקסלען געצוקט
און זיך איבערגעקוקט.
און דאָס קול האָט זיך געטראָגן,
און ווי אַ רוט געשלאָגן:
— און די געצעלטן פון די פּאַסטוכער וועלן טרויערן אין ציטער,
און דער שפּיץ פונעם כרמל וועט זיך ברעקלען פון געוויטער.
איינער פון די פּאַסטוכער איז געבליבן שטיין,
און אַ קריץ געטאָן די ציין:
— נו, אַ יונג,
אַז אָפּדאַרן זאָל די צונג
ביי אים אין מויל!
עס שלאָגט מיט אַזאַ שווערער גרויל
פון זיין געשריי!
און דאָס קול האָט זיך געוויגט: — אַז ווינד און ווי
צו דיר, דמשק!
— געהערט אַ חשק
זיך בייזערן אויף אַ פּאָלק, וואָס וויים און פרעמד! —
האָט נאָך עמיצער געברומט, און עמוס אין זיין גרויען העמד
אַהינטער זיינע אויסגעדאַרטע ציגן
האָט זיך באַוויזן, און קול זיינס האָט נישט אויפגעהערט די לופט צו וויגן:

— פֿאַר זילבער-געלט קויפֿט מען די גערעכטיקייט פֿאַר זיך,
און דעם אָרעמאַן פֿאַרקויפֿט מען פֿאַר אַ פּאָר שיך!
אַלץ, אַלץ האָב איך געטאָן, — געוואָרנט און גערעדט צו דיר,
און דו האָסט זיך נישט אומגעקערט צו מיר!
— דריי מאָל האָט איר שוין געזינדיקט, און צום פֿערטן מאָל?
אָ, הערט, איר קינדער פֿון ישראל,
גאָטס קול רעדט שווער אַנטקעגן אײַך, —
ער האָט אַרויסגעצויגן אײַך פֿון דער קיניגרײַך
אין לאַנד מצרים,
און געבראַכט קיין ירושלים,
און איר?
די זון האָט מיט אַ גילדענעם קאָליר
אויף עמוסן געקוקט,
און די פּאַסטוכער האָבן מיט די אַקסלען אומרואיק געצוקט,
עמיצער האָט בייז אַ פּאַך געטאָן אין לופֿטן מיט זיין רוט:
— נישט גוט! נישט גוט
מיט אָט דעם יונג!
— נו, אַ צונג! אַ צונג! —
האָט ער אַ ברום געטאָן,
און געפֿרעגט מיט חוזק אין זיין טאָן:
— העי, עמוס, עמוס,
וואָס אַזוינס איז דיין צאָרן היינט מרמז?
איז דאָס דמשק, צי
מיר דאָ-הי?
— כאַ! כאַ! כאַ! — האָבן זיך די פּאַסטוכער צעלאַכט,
און עמוס האָט געקוקט פֿאַר זיך פֿאַרטראַכט,
און גאָרנישט נישט געזאָגט.
ערגעץ האָט אַן אייזל זיך צעקלאָגט,

און אַ ציג האָט זיך צעציקלט,
און אויפֿן באַרג האָט זיך געוויקלט
דאָס דערפֿעלע תּקוע
אין אַ טויאיק, דינעם שלייער.

ב.

שפּעטער איז ער געלעגן אינעם קילן שאָטן פֿון אַ שיקאַמאַרן־בוים,
און די אויגן זיינע האָבן זיך געשפּילט אינעם רוים
פֿון צעליכטיקטן קאַיאָר.
אַ ווינטל האָט געקרייזלט זיינע האָר,
און געקעמט זיי מיט די שטראַלן פֿון דער זון.
ער איז געלעגן און געטראַכט פֿון יהושע בן נון,
וואָס האָט אָפּגעשטעלט די זון אין פֿאַרנאַכטיקער' שעה,
און צער געהאַט הלמאי עס איז נישטאָ
אויך היינט אַזאַ, ווי יהושע איז געווען.
פּלוצלונג אַ רעש. — איז עפּעס מיט זיין ציגנ־סטאַדע געשען?
קלאָען זיינען אין געיעג, — אַוודאי אַ חיה רעה
ערגעץ נאָענט דאָ!
און שוין איז ער געווען אויף די פֿיס,
און ווי אַ ווינט אין אַ ריס,
האָט ער זיך איבער די גרוילעכע שטיינער צעיאָגט.
ערשט, ער זעט, אַביסל גרינס בלויז איז דאָס געווען, וואָס האָט געלאָקט
די ציגן צום געיעג,
און איצט צופֿן זיי דאָס מיט גיריקייט, ווייל שוין טעג,
אַז זיי האָבן אַזוינס נישט געהאַט,
און נישט געגעסן צו זאַט.

און עמוס איז געבליבן שטיין,
און געפרעגט ביי זיך אַליין:
— צי מעג אַ פּאַסטוך זיצן אונטער אַ בוים,
און זיך פאַרשפּילן מיטן רוים,
וואו עס וואַקסט נישט פאַר קיין הונגעריקע ציגן קיין גראָז?
און אַז ער האָט געפרעגט, איז שוין געקומען נאָך און נאָך אַ פאַרוואָס?
— פאַרוואָס איז דער טאָל מיט גראָז אַזוי קאַרג?
— פאַרוואָס איז אַזאַ הארטער דער באַרג?
— פאַרוואָס איז אָט־דאָ אַזאַ טריקעניש?
פון אָט־די פאַרוואָסן איז דער גאַנצער אַרום געוואָרן אַ געמיש
און אַ שווערקייט איז געפאַלן אויף זיין געמיט.
די זון האָט געגליט,
ווי גליאיקער זשאַר,
און ער האָט אין זיין גרויסן צער
זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטיין.
ער האָט זיך דערפילט אַזוי קליין,
און הילפלאָז, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע רינד,
ווי אַ בלעטל אַן אָפּגעריסנס פון אַ בוים אין ווינט,
וואָס טראָגט זיך אַהער און אַהין,
און ווייסט נישט וואוהין?

ג.

— גאָט פון מיינע אבות!
ביסט אַ יודע מחשבות,
און וואָס ביסטו נישט?
אַ ווינטל האָט אים דערפרישט,
און ער האָט ווידער
דערפילט זיינע גלידער.
ער האָט זיך געשטעלט און אויף זיין שטעקן אָנגעשפּאַרט,
האָט ער געקוקט אין דער וויִיט, ווי ער וואָלט אויף עמיצן געוואַרט.

ד.

די דרעמלענדיקע געצעלטן פון תקוע
האָבן זיך געוויקלט אין אַ שלייער
פון דינעם, גרוילעכן שטויב אין דער לופט.
— איז ערגעץ אַ קול צערופט?
די פּאַסטוכער אַרום זיינען געלעגן אין שאָטנס פון שטיינער פאַרהילט,
און יעדער פון זיי איז געווען אין אַ דרימל פאַרשטילט,
איז פון וואַנען דאָס קול?
עמוס האָט אויפגעהויבן זיין בליק פונעם טאָל
צום שפּיץ פונעם באַרג, צו תקוע, — זיין היים.
די געצעלטן פונעם וויכן, קרישלדיקן ליים
האָבן זיך געפינטלט איבערן שפּיץ פונעם באַרג,
און אויסגעזען האָבן זיי, ווי אָפּגעריסענע קינדער אויפן קאַרק
פון אַ דרעמלענדיקן ריז,
וואָס רוט אויף זיין שווערד און זיין שפּיז,
און באַלד, באַלד וועט ער זיך טאָן אַ צעוועק,
און ווידער זיך לאָזן אין וועג.
— וואוהין? אָ, וואוהין?
— אַהין! אַהין!
צום וויטן פאָראויס! —
האָט געענטפערט אַ קול אין געברויז,
און געקלונגען האָט דאָס, ווי אַ שטרענגער באַפעל.
און כאָטש דער טאָג איז געווען שוין ליכטיק און העל,
האָט עמוס אויפגעציטערט פון גרויל.
אַלץ אַרום אַזוי נאַקעט און הויל,
די פּאַסטוכער רוען צונויפגעקנוילט,
די ציגן זיינען צעמוילט
מיט די וואָרצלען, וואָס צווישן די שטיינער,
צעוואַכט איז דאָ חוץ אים נישט קיינער,
איז פון וואַנען דאָס קול?

שווייגנדיק איז געלעגן דער טאָל
אין דער ברייט און דער ווייט.
— עמוס, עמוס, עס איז געקומען דיין צייט! —
האָט ווידער אַ שלאָג געטאָן אין זיין געהער.
— ווער רופט עס מיך, ווער?
און וואָס וויל ער פון מיר?
— עס רופט צו דיר
דער באַשעפער פון יצירה!
— האָסטו זיך פאַרבענקט נאָך אַביסל שירה?
נאָך חניפהדיק געזאַנג
פון לויב און פון דאַנק?
איז הער־זשע, אויב יאָ,
איז ביי עמוסן אַזוינס נישטאָ! —
האָט ער אַ ברום געטאָן מיט צאָרן.
אָבער דאָס קול איז נאָך ברויזיקער געוואָרן:
— נישט שירה, נאָר שליחות!
— און וואָס איז מיין יחוס,
אַז איך זאָל זיין דער?
— הער, הער,
עס רעדט צו דיר דער אחד!
— פאַר מיר ביסטו אַלץ נאָך אַ סוד!
— דער סוד וויל מער קיין סוד פאַר דיר נישט זיין!
— איז וואו־זשע איז די שיין,
וואָס זאָל מיך פירן צו דיין טיר?
— די שיין איז אין דיר!
— אין מיר, דעם ציגן־טרייבער?
דעם שיקאַמאָרן־קלייבער?
— אויך משה איז אַ פאַסטוך געווען!
און ער האָט דערזען,
און ער האָט דערהערט!

עמוס איז געפֿאַלן צו דער ערד
אַן אויפגעציטערטער מיטן פּנים אַראָפּ,
און די זון האָט זיך צעשפּילט אויף זיין קאָפּ.

ה.

יענער אָוונט איז געווען אַ טונקעלער און אַ קילער.
דער הימל האָט געקוקט אַזאַ שטילער
אויף די פּאַסטוכער, וואָס האָבן זיך אַרום אַ רויכיקן שייטער פּאַרקליבן.
אַ ווינטל האָט געקרייזלט דעם רויך און אים צו דער טונקלקייט געטריבן,
פון יענער זייט בערגל האָט זיך געהערט דאָס קלאָעשע דראַפּען פון ציגן
און עמוס איז געזעסן מיט די פּאַסטוכער און געשוויגן.
— אַ, עמוס! אַ, עמוס!
אויף וואָס איז דיין שווייגעניש היינט דאָ מרמז? —
האָט איינער געפרעגט, און אַ צווייטער
האָט אונטערגעכאַפּט אַ שטעכיקער און אַ דערפרייטער:
— מסתמא מקנא דעם שבט לוי, וואָס קריגט דעם בעסטן ביסן!
הם, יאָ, אַביסל וואַסער גיסן
אויף כוהנימשע פינגער
און אין מקדש זיין אַ שפּילער און אַ זינגער
איז אַוודאי גרינגער,
ווי ביי ציגן זיין אַ שטענדיקער עבד!
— און די כוהנים? — זיי זיינען אויך פון דעם זעלביקן שבט! —
האָט אַן אַנדערער אָנגעהויבן ברומען.
— דו פּרואוו נאָר קומען
צו אָט די כוהנים מיט אַ תקוער ציג, אַן אויסגעדאַרטע!
— וואָס דאַרפן זיי ביינער האַרטע,
וואָס זעטיקן נישט קיינעם,
אַז פאַר יעדן איינעם
איז אָנגעגרייט דער פעטסטער חלק?

— בושה! חרפּה! — כּוהנים און לוויִים זײַנען הייליק! —
האָט אַ זקן פון דער מסיבה זיך צעבייזערט מיט אַ שטרענגער מינע.
אָבער דאָס געבייזער האָט נישט אָפּגעווישט די שווערע קנאה,
וואָס האָט געוואָרצלט בײַ די אָרעמע פּאַסטוכער אַרום תקוע.
אַ ווײַל איז שטיל געווען. דער רויכיקער שלייער
פונעם שײַטער האָט זיך געוויקלט אַרום דער מסיבה.
עמיצער האָט אַ שיר פאַרצויגן וועגן זײַן ליבע
צו אַ בתולה, וואָס איז שענער פון אבישג-השונמית.
— וואָס-זשע שווײַגט היינט טאַקע אַזוי עמוס?
מסתּמא פאַרבענקט נאָך די בתולות פון די רײַכע האָרן
אין וועמענס היימען ער קומט אין ירושלים מיט זײַנע שיקאַמאָרן.

דורכגעוואונקען האָבן זיך די פּאַסטוכער, און גוטמוטיק געשמייכלט.
— זאָג נאָר, עמוס, וועדסטו כּאָטש אַמאָל געקעכלט
מיט דעם פעטן געבראָטנס פון זייערע פייער-פאַנען?
— נישקשה, בײַ די האָרן פון ירושלים איז אַזוינס גענוג פאַראַנען! —
און ווידער האָט די שנאה, אַ צעברויזטע זיך גענומען טראָגן.
ערגעץ האָט אַן אייזל אָנגעהויבן אויפן קול צו קלאָגן,
און אָפּגעענטפערט האָט דעם באַלד אַ מעקעניש פון ציגן.
עמוס איז געזעסן און געשוויגן,
קוקנדיק פאַרטראַכט
אין דער טונקלקייט פון נאַכט.
— איז וואָס-זשע טאַקע אַזאַ שווײַגעניש היינט, עמוס?
ביסטו איצט אויף עפּעס מרמז,
צי שווײַגסטו, ווײַל האָסט נישט וואָס צו זאָגן?
— מאָרגן וועט ער זײַנע שיקאַמאָרן טראָגן,
פאַר די האָרנטעם די אָנגעבלאָזענע,
די צעלאָזענע,
און אַ ציג אויך מיטפירן אין שטאָט אַרײַן!

— נו, יאָ, נישט יעדער קאָן אַן עמוס זיין! —
האָט עמיצער געחוזקט מיט שאַרפער קנאה,
און צעוויגט האָט זיך די שנאה:
— ציגן־טרייבער!
שיקאַמאָרן־קלייבער!
און אַ נביא אויך ביי יידן, —
און מיינט איר, אַז ער איז צופרידן?
— זאָג נאָר, עמוס, וויפל שקלים־זילבער האָסטו אָנגעקליבן?
פלוצלינג האָט דער ווינט זיך בייז צעטריבן,
און אַ יאָג געטאָן דעם רויך אין ווייצלערס אויגן.
עמוס האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
צוגעדעקט דאָס פּנים מיט דער האַנט:
— עמוס, עמוס! ביסט קיין נביא נישט אין אייגן לאַנד!

ו.

אויף מאָרגן האָט זיך עמוס מיט זיין אָרעמען געפּעק
געלאָזט אין ווייטן שווערן וועג
דורך באַרג און טאָל
פון יהודה קיין ישראל.

און אַז ער איז אָנגעקומען,
און באַנומען,
אַז נאָך זינדיקער איז אפרים
פון ירושלים,
אַז מענטשן זיינען דאָ אויך איינגעטיילטע, —
אויף נאָמענלאָזע און אויף אויסדערווייילטע,
איז ער פון יסורים
אויפגעגאַנגען, ווי אַ שטורעם:

— געשריי פון לייב, — ווער וועט זיך נישט דערשרעקן?
גאָטס וואָרט צעברויזט, — עס רייסט זיך צו אַנטפּלעקן!

— פֿאַלש איז דאָ דער שופט, ליגנעריש דער כּוהן !
און די גרויסע האַרן בויען
זיך פּאַלאַצן פֿון גינגאָלד און פֿון העלפאַנט-ביינער !
פּלוצלינג האָבן ווערטער זיך ווי שווערע שטיינער
אין לופט פֿון לאַנד געגומען וויגן :
— ווער איז דער, וואָס איז אַזוי צעשריגן,
לעכערט מיט זיין קול די ווענט, און דעכער,
סמט דעם וויין אונדז אין די בעכער, —
וואָס איז זיין געשריי מרמז ?
— אַ שלעפּער פֿון יהודה, — מען זאָגט, ער רופט זיך עמוס ! —
— צוצוהערן זיך צו אים איז אַ בזיון !
אָפּגעענטפערט האָט אַ פֿאַלשער כּוהן.

ז.

בית-אל האָט געאָטעמט מיט דעמפּע, שווערע ריחות
פֿון פעטע קעלבער אָפּגעבראָטענע אויף די מזבחות,
און שמעקנדיקער בוימל אויף אויסגעצירטע ווייבער.
כּוהנים האָבן אומגעוויגט די פעטע לייבער
צו די רייצנדיק-פֿאַרשייטע כּנור-קלאַנגען,
און די רייכע האַרן זיינען אומגעגאַנגען
זיך בלאָזנדיק פֿון פוסטער גאווה.
רויע, אויפֿגעברויזטע תּאווה
האָט אויף אַלע גאַסן הויך געשריגן.
נאָר דאָס קול האָט נישט אויפֿגעהערט אין דער לופט זיך וויגן :
— קומען וועט אַ שטורעם,
און ער וועט דעם שטאַרקסטן טורעם
פֿאַנאַנדערוואַרפֿן !
שונא מיט אַ שווערד אַ שאַרפֿן
שניידן וועט, פֿאַרשניידן !
נישט פֿאַרמיידן
וועט קיינעם דאָ זיין צאָרן !
— וויי, וואָס פֿון ישראל איז געוואָרן !
יתום איז פֿאַרלאָזט, אַ פֿאַרשעמטע די אלמנה.
אַבי מען ברענגט אַ קאַלב, אַ פעטע, אַ מתּנה

צום מזבח פאַרן כוהן,
מעג מען זיך אין זינד שוין ראַיען! —
האָט דאָס קול, ווי אַ מעסער געשניטן,
און קיינעם נישט פאַרמיטן.
— זעט, די ווייבער אויסגעפּאַשעטע, ווי קי פון בשן פאַר מזבח,
און די כוהנים שפּרייטן דעם געדעמפּטן ריח
פון פליישן און פון וויינען פאַר די זויפער, און די פרעסער!
שוועד האָט זיך דאָס קול געטראָגן און געשניטן, ווי אַ מעסער:
— ווער איז ער? און וואָס איז ער דאָ אונדז מרמז?
— אַ שלעפּער פון יהודה, — מען זאָגט ער רופט זיך עמוס!

ח.

שוועד האָט זיך דאָס קול געוויגט אין די אָוונטיקע שעהען.
— וואָס וויל ער מיט זיין שעלטן, און זיין דראָען? —
האָט אמציה, דער אָנגעפּרעסענער כוהן, געצאָרנט,
און נישט איין מאָל עמוסן געוואָרנט
צו פאַרלאָזן די מדינה.
— גיי צוריק אין דיין יהודה מיט דיין שיפּנדיקער שנאה!
האָט ער צאָרנדיק אויף אים געשריגן,
אָבער קול פון עמוסן האָט נישט געשוויגן,
אָפּגעענטפערט האָט דאָס שאַרפער און צעגליטער,
און געשלאָגן האָט דאָס ווי מיט ריטער:
— נישט קיין נביא, און נישט קיין זון פון אָט אַזוינעם,
וואָס זאָגן זייערע נביאותן אויף געמאַרקן פאַר די קונים
איז דיר עמוס!
— הער, איך בין דיר איצט מרמז,
אַז שטורעמווינט וועט אַלץ אָט דאָ פאַרדאַרבן,
אַז נאָך היי־יאָר וועסטו שטאַרבן!
— אומעטום, וואו רוצחים זיינען,
וועט אַ פייער זיך צעברענען,
און נישט בלייבן וועט דאָ קיינער
אין די פּאַלאַצן פון די העלפאַנט־ביינער!
עס וועט נישט שוינען
אפילו די מלכים אין די קרוינען.

— הײזער װעט איר בויען, און אין זײ נישט װאױנען!
גאָרטנס װעט איר פלאַנצן, און די פּירות דאָך נישט עסן!
אָפּגעװישט, פאַרמעקט, פאַרגעסן
װעט איר װערן פאַר די קומענדיקע דורות!
אַנדערע װעלן, װי מנורות
זיך צעשײנען און צעהעלן,
און פאַר זײ װעט ליבשאַפט זינגען בײ די שװעלן!
און פאַר זײ װעט רינען װײן פון יעדן באַרג אַרונטער!
אַ נײער דור קומט אָן, און זינגען װעט ער מונטער,
רחבותדיק, צעהעלט און פול מיט גלויבן,
און איר אין שטויב װעט זיך צעשטויבן!
אָט אַזױ האָט ער געװאָרנט,
און די האַרן האָבן צאָרנדיק געצאָרנט:
— װער איז ער, אָט דער שעלטער, און װאָס איז ער מרמז?
— אַ שלעפּער פון יהודה, — מען זאָגט, ער רופט זיך עמוס!



בילד — דאָרעֿן



ענעם אָוונט, ווען הושע האָט אין זיין צעבראָכנקייט דאָס געצעלט פאַרלאָזט זיך נישט אומצוקערן מער צוריק, האָט אים באַגעגנט אויפן שוועל דאָס זילבער פון דער לבנה, און דאָס פינקלעניש פון שטערן. — ווי און ווינד צו דיר, הושע, נביא בישראל, דו האָסט מער קיין היים נישט, — האָט ער שטיל געמורמלט, און דער מורמל האָט, ווי אַ תפילה בכוונה זיך אַ הויב געטאָן צו די העכסטע הויכן, דורכגעריסן זיך צום הימל, און געלאָזט זיך צו דעם יוצר פון יצירה מיט דעם צער פון נביא, אָבער יוצר האָט געשמייכלט: — קיין סכנה נישט, — אומגעטרייע ווייב איז אַוועק צום הפקר אויף דער גאַס, און הושעם שטוב געלאָזט? מילא, נו, הושע בלייבט הושע, — אַ הושע זיין איז פאַר זיך אַליין אַ דערהויבענע מתנת.

אין הושעם מוח האָבן אָנגעהויבן קומען ווערטער שוין געזאָגטע נישט צום ערשטן מאָל און געמישט זיך האָבן זיי, ווי היימישע און נאָענטע האָבן ליב זיך אויסצומישן.
— גאָט, ווי ברוזיק מיינע ווערטער זיינען, און ווי גרוים איז זייער צאָל!
זע און הער, כאָטש זיי לעבן זייער לעבן שוין ווי קינדער רייפע, בין איך דאָך צווישן זיי נישט אָפּגעמעקט. הושע האָט געשפּאַנט עקשנותדיק, ווי עס שפּאַנט אַ מענטש פון טאָל באַרג אַרויף צו הויכע הויכן. פאַרטראַכט האָט ער זיך דערמאָלט פון דעם, ווי אדם הראשון האָט געפילט זיך, ווען ער האָט דערלעבט צו זען די נאָכקומער נאָך אים. ער האָט זיין קול נאָך אַמאָל אַ פּרואוו געטאָן און זיך געטרייסט, וואָס קול זיינס לאָזט זיך נישט פאַרווישן.

— לייג צו דעם שופר צו דיין מויל, זאָג אָן דעם אָדלערם אָנקום צו דיין הויז!
ווער עס זייט אין פאַרזיי-צייט ווינט, וועט שטורעם אין דער שניט-צייט שניידן!
אַ, אפרים, מיין אפרים! מיט אַזוי פיל שווערע זינד איז אָנגעפילט דיין שוים,
ווי-זשע זאָלסטו פאַר די זינד אין דיר די שווערסטע שטראָף נישט ליידן?
זע, דער אָדלער מיט די אויסגעשפּרייטע פליגל זיינע טראָגט זיך שוין אין ברויז!
גרייט איז ער שוין אומרחמנותדיק צו פאַרצוקן לייב דיינס און געביין, — סיידן דו וועסט קומען און וועסט זאָגן הכנעהדיק: — גאָט, מיין גאָט, ביסט גרויס, וועט ער אפשר נאָך פאַרגעבן, און וועסט איבער זיך די שווערסטע שטראָף פאַרמיידן.

— זינדיק איז דיין ערד, זינדיק איז דיין לופט, און זינדיק דיינע טעכטער און די זין!
איינגעטונקענע אין שווערע זינד זענט איר אַלע, ווי אין וואַסערן די שוואָמען.
ווי איז צו דעם שטורעם, וואָס טראָגט זיך אום אַ בלינדער אַהער, אַהין,
ווי איז צו די וואַסערן, וואָס ווייסן נישט דעם וועג אין זייער ברויזנדיקן שטראָמען.
נאָמער, גאָמער, ווייב מיינס, זיסער ביסטו פונעם זיסטן האָניק פון דער בין,
אָבער גיפטיקער ביסטו פון איר. גאָמער, פאַלשע דו, זינד איז דאָך דיין נאָמען!
זע, עס ציט די נאַכט זיך איבער מיר, און איך שלעפּ זיך אום, נישט ווייסנדיק וואוהין.
שטיינערדיקער שווערער וועג דאָ אין אפרים, און נישט בעסער איז ער אין בנימין!

— ווייב האָט מיך פאַרלאָזט און צום הפקר זיך געגעבן, ווי אַ חיה אין די בערג זיך גיט!
זאָל מען הערן און זאָל מען ווייסן אומעטום שוין פון הושעס פינצטערן בזיון!
ווי איז צו דעם פעלד, וואָס גיט פון קערנער־זריעה הארטע שטיינער ביי דעם שניט!
ווי איז צו דעם טייך ביי וועמענס ברעגן טמאים קרעציקע זיך רויען!
זע — עס בלאָנדזשען אום אויף גאַסן נאַכטיקע אָן ציל, אָן זין איצט מיינע טריט!
ווי צו דיר, הושע! — אַ ווייב זיך איינגעקויפט, אַ הויז פאַרגלוסט זיך בויען!
גאָמער, גאָמער, לייב מיינס ווערט דאָך איצט אין פייער העלישן געבריט!
איז נאָך ערגעץ דאָ אַ מענטש, וואָס שטייט, ווי איך איצט פאַר אַט אַזאַ נסיון?

און די נאַכט האָט זיך געצויגן, און הושע האָט געשפּאַנט איבער געסעלעך אָן זין, אָן ציל.
ווערטער פלאָנטערדיקע, איינגעטונקענע אין שווערער פּיין זיינען פון זיין מויל געפאַלן.
בלוט זיינס האָט געזאָטן, הארץ — געציטערט, און זיין קרעכץ — אַ חיהדיקער בריל.
אויפגעגאַנגען איז אַ שנאה פון זיין בליק צו דעם זילבער־שימער פון לבנהס שטראַלן.
— אָ, הושע! נעם ווארף זיך צו דער ערד, דאָס פּנים דיינס אין דיין אַבייַע זיך פאַרהיל, —
חצרס טונקעלע אַרום, — באַלד קאָן ערגעץ דאָ אַ ווייבער פאַרהאַנג זיך צעפראַלן:
— גאָמער, גאָמער! מויל מיינס פלאַפּלט, — ווייס איך איצט דען, וואָס איך וויל?
זע, איך זוך דיך איבער געסלעך, און מיינע בליקן שטעכן אַלע ווייבערשע וואואַלן!

ב.

אויליקע לעמפּלעך ביי אַ חצר האָבן ציטערדיקע צינגעלעך אין דער נאַכט אַריין געשטרעקט,
און געוועזן איז, ווי די צינגעלעך האָבן נאָכגעטאָן די אויגן פון די פרויען, די פאַרשייטע.

ווייבערשע שאָטנס האָבן זיך געשאָטנט, און מיט טענצלדיקע טריטעלעך געוועקט
די געבליטן ביי די דורכגייער. זעלטן, ווען עמיצער האָט מיט טריט באַפרייטע
דורכגעשפּאַנט די נעץ, וואָס איז געווען פאַר אים געשפּרייט. די נאַכט האָט פאַרדעקט
און פאַרהילט די פּנימער, אָבער די קולות פאַרשיכורטע געווען זיינען צעשרייטע.
לבנה איז פון בזיון פאַרגאַנגען, און אין חושך האָט די תאווה איר אָרעם געשטרעקט
ברענגענדיק אין נאַענטקייט צוזאַמען די צופעליקע, פרעמדע און די ווייטע.

אויפגערייצטקייט האָט מיט חיהשן הונגער אין דעם חושך פון דער נאַכט געברילט,
און דאָס ברילעניש האָט זיך, ווי אַנגעגליטע שפּיז אין דער טונקעלער לופט געשטאָכן.
אומרו האָט זיך ביי די קילע, שטיינערנע ווענט געשאַרט אין טיפן חושך איינגעהילט,
און געווען איז, ווי דאָס ליכט פון דער יצירה האָט דעם קאָפּ אָן שטיין צעבראָכן.
אַנגעגליטע שפּיז האָט מיט פונקען פייער אין דער חושכדיקער לופט געצילט,
און באַהאַלטן האָט זיך מענטש פון מענטש, און געציטערט האָט אַ שכן פאַר אַ שכן.
הפקרדיקער וואַנזין האָט מיט שדים-פינגער איבער סטרונעס די הפקרות אויסגעשפּילט,
און אין אַ ווינקעלע פאַרשטעקט איז אַ פאַרשעמטער געלעגן און געציטערט דער בטחון.

— גאָמער, גאָמער, ביסט די אומשולד אין אַ וועלט אַזאַ, ווי איך זע זי איצט אָט-דאָ!
ווי איז צו ישראל, וואָס איז אין איר גאַנג צו דעם גיהנום שוין דערגאַנגען!
יעדער מענטש, וואָס יאָגט זיך דורך, איז מיט אַ יאָגעניש פון מדברדיקער חיה-רעה
נאָך פאַרצוקונג. — גאָמער, גאָמער, ביסטו אין אַ שטייג דאָ ערגעצוואו געפאַנגען?
זע, עס שלעפּט זיך אום דיין מאַן, זוכט דיך אום איבער געסעלעך אין חושכדיקער שעה,
וועט ער דיך געפינען, וועט ער מיט די פויסטן זיינע אויפברעכן אַלע שטאַנגען,
און דיך ברענגען אין געצעלט דעם אייגענעם צוריק, וואו באַצווינגער איז נישטאָ,
נאָר אַ מאַן אַן אייגענער דיך ליב צו האָבן און דיר זינגען לויטערע געזאַנגען!

און הושע איז געזעסן אויף דער ערד מיטן קאָפּ אָן אַ וואַנט אַ קאַלטער אָנגעשפּאַרט.
זיינע פינגער האָבן אין דעם חושך אומגעציטערט אויף די פרענדזעלעך פון זיין אַביַיע,
האַרץ זיינס האָט זיך אויפגעצאַפּלט, כאָטש וואָס דערזען, האָט ער דערוואַרט!
— זע, אָט איז זי דאָך די אישה מיינע! בלינצלט מיט די אויגן אירע, ווי אַ חיה,

זוכנדיק אַ צווייטע צו פאַרצוקן! — אוי, גאָמער, גאָמער, איז דײַן האַרץ שוין אַזוי האַרט?
איז גאָר קיין רחמנות שוין נישטאָ אין דיר? אַבי איך האָב געמיינט, אַז אַ ווײַב געטרײַע
האָב איך זיך אײַנגעקויפט! ווײ און ווינד צו דיר, הושע, ביסט דאָך אָפּגענאַרט!
טאָטן אירן אויסגעצאָלט אַנדערהאַלבן מעסטלעך מעל, און איר אַ רינג פון גאָלד, אַ נײַע!

— קינדער אירע, — ווער פון די פאַרבייגייער האָט זיי אין איר לײַב פאַרזייט, פאַרפלאַנצט?
גאָט, ווי אויסגעלאָסן איז דײַן פאָלק געוואָרן? שדים שפּילן איצט אויף דײַנע האַרפן,
און די סטרונעס פּלאַצן נישט! ווײ צו דיר, הושע, נביא בישראל, — גאָמער דײַנע טאַנצט,
וואַרפנדיק די שײנע אויגן אירע הער און הין. און זיי שנײַדן, ווי מעסער־שאַרפן
אין די אויפגערייצטע לײַבער פון די דורכגייער. זע, איר קאָפּ איז דאָך באַקראַנצט
מיט אַ קרענץ פון שאַרלאַך־רויטע בלימלעך, און אַ גרייטע איז זי זיך צו וואַרפן
אין די אָרעמס פון יעדן דורכגייער ווערמענס בליק אַנטקעגן איר עס ווערט צעגלאַנצט.
— גאָמער, גאָמער, קער זיך אום אַהיים, — די קינדער דײַנע זייער מאַמען דאָך באַדאַרפן!

— אָ, הושע! הושע! ליגסט אינעם הושך פון דער נאַכט אויף דער ערד צונויפגעדרייט,
ליגסט און הערסט נישט אויף אין דעם ווייטיק אייגענעם זיך גראָבן און זיך רייען.
פאָלק איז טיף און שווער אין די זינד פאַרזונקען, און זײַן נביא רעדט צו זיך דאָ רייד,
וואָס אויף די געמאַרקן אינעם ליכט פון טאָג, וואָלט אַזוינס געווען אים אַ בזיון!
גאָט, מײַן גאָט, רעדסטו איצט אַזוי דורך מיר? ווינטל דײַנס, וואָס איז צעווייט,
איז דאָס טרייסטנדיקער גלעט? זעסטו מיך אָט־דאָ אין מײַן שווערן, פּײַנלעכן נסיון?
גאָמער טענצלט אום פאַרשייט, — קאָפּ פאַררייסן און די אָרעמס אירע אויסגעשפּרייט,
און איר מאַן אין פינצטערן דרויסן, וועט זיך, ווי אַ הונט געשלאָגענער דאָ באַלד צעוואָיען!

— ווײ צו דיר, הושע, נביא בישראל, מיט דער היים, וואָס האָסט פאַר זיך געבויט!
אַנדערש נישט, אַז איר האָט זיך פאַרגלוסט אַ טרייב צו טאָן מיט מיר קאַטאָוועס!
חלום מײַנער — אַ מנורהדיקער געווען, און די וואָר? — אַ רויכערדיקער קנויט!
ווײ צו דער ירושה, וואָס געירשנט האָב איך פון די ערלעך־אַרבעטנדיקע אבות!
האָדעוועט זיך נישט ממזרים־קינדער אין מײַן שטוב איצט אויף מײַן פאָטערס ברויט?
קינדער פרעמדע! אָ, נישט אײנמאָל האָב איך אָט־דעם אמת צוגעדעקט אין די מחשבות,

אָבער גיי פֿאַרטרייב צרעת, וואָס איינגעגעסן האָט זיך אין דיין הויט, —
וואָלט נישט בעסער מיר געווען איבער וועגן זיך צו שלעפֿן, און לעבן פֿון נדבות?

— שפּאַנען איבער וועגן גלאַט אַזוי, בלאָנדזשען, ווי עס בלאָנדזשעט אום דער ווינט,
אויפֿצולייזן זיך פֿון אַלץ, — פֿון דעם ווייטיק אין די בלוטן מיינע היים-צעגליטע,
ווערן צו דער וועלט און אויך צו זיך, ווי דער נזיר, וואָס איז טויב און בלינד,
זיך פֿאַרגליווערן, פֿאַרשטאַרן, ווי עס איז אַ שטח ערד אינעם יאָר פֿון שמיטה!
סיי-ווי איז דאָס גאַנצע לאַנד ישראל איינגעטונקען אין אַ טיפֿן ים פֿון זינד, —
יהואס אויסוואָרצלען מיטן וואָרצל אחאבס שטאַם, איז אַליין אַ זינד צעבריטע!
קאָן אַזוינס זיך אָפּוואַשן, פֿאַרמעקן דורך אַ קרבן פֿון אַ פֿעטער רינד?
זע, דאָס גאַנצע לאַנד ישראל איז אַ פֿייערדיקע לאַווע, אַ צעזידטע!

— אחאב האָט פֿון נבותן דעם וויינגאָרטן באַגערט און אים אומגעבראַכט דערפֿאַר.
ווי צו אחאבס שטאַם, — יהוא האָט אים אויסגעוואָרצלט פֿאַר אַלע דורות!
אָבער ווי איז צו דעם פֿאָלק, וואָס האָט אויף זיך רוצח פֿאַר אַ האַר!
נישט קיין חידוש, וואָס די לופֿט דאָ, ווי אין צידון און אין צור איז!
קומען וועט אַ שטורעם, — זיך צעוויטערן, און ווי אַ בעזעם טאָן אַ שאַר,
און פֿאַרשאַרן אַלץ. חלל צווישן ערד און הימל וועט דעם ריח פֿון זינדיקע קטורת
אויסמייקענען פֿון זיך! — גאָמער, גאָמער, זע מיין גרויסן, שווערן צער
פֿאַר דעם צאַנקענדיקן ליכט איבער אַלע גילדענע און הייליקע מנורות!

— זאָל איך זיך אַ הייב טאָן אויף די פֿיס? צוגיין, און מיט ווייכע, צאַרטע רייד
רעדן איצט צו איר? געבן איר אַ גרוס פֿון די בענקענדיקע און פֿאַרלאָזטע קינדער?
הושע האָט געוויינט: — קאָן אַ מענטש, וואָס האָט די זריעה נישט פֿאַרזייט
איבערנעמען זיך מיט דעם, וואָס ער איז אויף פֿרעמדן פֿעלד אַ גאַרבן-בינדער?
פֿרעמדע, אומבאַקאַנטע דורכגייער האָבן אויפֿן פֿעלד די קערנדלעך צעוויייט, —
ווענעמס זיינען די געוויקסן? וואָלט ער נאָר געוואוסט ווענעמס זיינען עס די קינדער,
וואָלט ער די געוויקסן צו די שוועלן זייערע געוואָרפֿן, אָבער חידה אָן באַשייד
בלייבט רעטעניש שוין אויף אייביק. שרפֿה! נאָר עס זעט זי נישט דער בלינדער!

ג.

און הושע האָט זיך אויפגעשטעלט, מער קיין שלום מיט זיין גאָמערן שוין נישט געוואָלט:
— נביא בין איך! איז דאָס נישט גענוג? וואָרט מיינס וועט נישט צונעמען דאָך קיינער!
וואָרט מיינס! קינד מיינס! גיי, הושע, — ברייטע וועלט — באַבאַרגט און באַטאָלט,
וועסטו שפּאַנען איבער איר מיט וואָרט דיינס, וואָס אין דיר, און העלער, ריינער
וועט זי ווערן אָט־די וועלט! נישט ווייַן, נישט קלאָג, הושע! ביסטו דען נישט אָפּגעצאָלט
מיטן וואָרט, וואָס שלאָגט פון דיר אַרויס? זע, איך צי דאָך הויט און פלייש אויף ביינער
טרוקענע אַרויף מיט דער הילף פון וואָרט אין מיר! ווייב גאָר האָט זיך דיר פאַרוואָלט!
נביא ביסטו אין ישראל פאַר דיין פאָלק, באַדאַרף אַ ווייב דען אַזאַ איינער?

*

שטאָלץ האָט ער די פיס געשטעלט, און צעוויגט זיך אינעם טונקל פון דער נאַכט,
וואַרפנדיק פון זיך דעם גרויסן ווייטיק זיינעם, — זיין פינצטערן בזיון.
חושך האָט מיט חושך זיך געמישט, און פלוצלינג האָט זיין פּיין זיך נאָכאַמאָל צעוואַכט.
— אפשר איז זי גאָרנישט שולדיק? איז זי דען די איינציקע דאָ צווישן פרויען?
אויסגעלאָסן איז דאָס גאַנצע לאַנד ישראל! אַז אברהם האָט זיין יצחקן געבראַכט
אויף עקדה פאַר אַ קרבן, איז דאָס געווען פאַר גאָט. איצט קאָן מען דעם זינדיקן נסיון
צו אַבּיסל עולם־הזה נישט מקריב זיין. גאָט, ווי היים איז די זינד אָט־דאָ צעוואַכט,
און אַ זינדיקע, הערט זי זיך נישט אויף אין אַלע רינשטאָקן צו רויען!

— זינד דאָ ווייסט שוין נישט דעם חילוק צווישן נאַכט און העלער מאָרגן־שעה.
אומפאַרשעמט איז דאָ די בושה אויך אין ליכט פון העל־צעהעלטע שטראַלן.
יהואס מערדער־האַנט אויף אחאבן איז צעוויגט אויך היינט ביי אונדז אָט־דאָ, —
וואָס־זשע איז דער חידוש, וואָס די שיינקייט פון אפרים פוילט, און ווערט צעפאַלן?
דאָרט, וואו מאָרד און אומדערבאַרימקייט, איז געבאָט פון דעם אחד נישטאָ!
— שומרון! שומרון! — בליצן וועלן זיך צעבליצן, און דונערן וועלן זיך צעקנאַלן, —
הער, דער שונא יאָגט, ווי לעמפּערט מיט זיין טראָט, און טרעטן וועט ער מיט זיין קלאָ, —
מאָרגן וועט ער מיט נצחון איבער אַלע גאַסן פון אפרים זיך צעשאַלן!

טאַפּנדיק דעם חושך האָט הושע זיך אַן אויסגעמאַטערטער דערשלאָגן צו זיין שוועל,
אָבער נישט באַטראָטן האָט ער זי, און איבער איר נישט דורכגעגאַנגען.

גאָמערם פּנים האָט שוין ווידער אים געפּייניקט. — אָנדערהאַלבן מעסטלעך מעל
אָפּגעצאָלט איר טאַטן, און געמיינט, אַז אַ זון, אַ נייע איז מיר אויפגעגאַנגען.
איז דאָס גאַנצע פאָלק דען נישט, ווי זי? — קום, שטורעם-ווינט, און מאַך אַ תל!
וואַלגער, און צעוואַלגער איבער אַלע פעלדער דאָ אין לאַנד די זאַנגען!
טרעט, צעטרעט די לעצטע טרויב! און ווי אַ צוגאָב אויך מיין שוועל!
נאָמער, גאָמער, אומגעטרייע! איבער דיר איז די זון פאַר מיר פאַרגאַנגען!

ווי צו דיר, ישראל! צו דער שיינקייט אייגענער איז מען טויב און בלינד!
אַלץ, וואָס קומט פון ערגעץ-אַנדערש, איז דיר נעענטער, איז דיר ליבער!
גאָט דעם אייגענעם, דעם יוצר פון יצירה, בייט מען אוים אויף רינד.
וואָס פון שטיין געהאַקט און פון גאָלד געגאָסן. זע, עס זיינען אַלע שטיבער
אין ישראל פול מיט געצן פרעמדע! — קום, אָ, שטורעם! זאָל דער ווירבל-ווינט
וואַלגערן, צעוואַלגערן אַלע שטעט, וואָס זינקען דאָ אין זנות! לאָז איבער
הינטער זיך בלויז חורבות, און נישט מער! — גאָמער, גאָמער, ממזר-קינד
פון אַ דורכגייער, אַ פרעמדן אין דער נאַכט, איז דיר אייגענער און ליבער!

און הושע האָט געברומט: — עס גייט דער טאָג, ער קומט מיט צאָרן אָן אַהער!
טראָגט זיך מיט אַ שטורעמדיקן כוח, און נקמהדיק איז זיין צאָרן!
ווי צו דיר, הושע! ביזט פאַרשאָלטן מיט אַזאַ מין שאַרפן וואַכיקן געהער!
גאָט, ווי הילכיק און ווי שאַליק איז דעם שונאס רופנדיקער האָרן!
הערט, ער קומט! עס ציט זיין חייל זיך, ווי אַ צעעפנט-אָנגעשאַרפטע שער!
שערן וועט זי, און צעשערן אַלץ, וואָס איז דורך דורות אויסגעוועבט געוואָרן!
גאָמער, גאָמער, אומגעטרייע, דו! — וואָלקן רוקט זיך אָנגעלאָדן שווער,
אָבער פונעם רעגן וועט נישט אויפגיין נישט קיין טרויבן, נישט קיין קאָרן!

מדברדיק וועט ווערן לאַנד ישראל, און צעקאַרטשען וועט זיך דאָס פון פיין
— גאָמער, אומגעטרייע מיינע! — שווער איז מיר דער קאָפּ. אָ קום, באַפריי אים!
ווער וועט אויף די חורבות דיך דערפרייען? ווער וועט אָנגיסן דיין כוס מיט וויין?
שווערע קנעכטשאַפט וואַרט אין אשור, שווערער נאָך אין לאַנד מצרים,

וואָס־זשע וועט פֿון אַ׳ט אַזאַ, ווי דו ביסט, אין דער שווערער קנעכטשאַפֿט זײַן ?
וואָלסטו איצט מיט מיר געווען, וואָלטן מיר אַ ציַ געטאָן זיך קיין ירושלים,
צו דעם הר־הבית, וואו דאָס וואָרט פֿון משהן אונדזערן איז נאָך פֿול מיט שײַן,
אָבער אַז ביסט דאָרטן — אַ, פֿינצטערער גורל מײַנער, **אינעם לאַנד אפרים !**

און הושע האָט אין גרויסן צער דעם קאָפּ געבויגן טיפֿער, טיפֿער צו דער ערד, —
אַלץ אין אים האָט זיך צעברויזט, און צעציטערט פֿון פּײַן און יסורים, —
— ווײ צו דיר, הושע, נביא אינעם לאַנד אפֿרים, — עס שאַרפֿט זיך שוין די שווערד.
וואָס פּאַרטיליקן וועט זי, און נישט העלפֿן וועט שוין קיינעם דאָ קיין יום־כּפּורים,
ווײל זינדיק איז מען ! — נביא האָט געוואָרנט, אָבער נישט געהערט,
און נישט צוגעהערט האָט מען צו זײַן וואָרט ! — ווײ, ישׂראל, — גרויסער שטורעם
איז שוין אויפֿן וועג — און אַלץ, וואָס קומט אים אָן אַנטקעגן חרוב ווערט, —
ווײ צו דיר, הושע, צוצוזען, ווי עס פֿאַלט פֿאַנאַנדער איצט ישׂראלס טורעם !

— גאָמער, — הושע האָט זיך אויפֿגעהויבן און דעם טראָט געווענדט צו זײַן געצעלט
מורמלענדיק : גאָמער, גאָמער, מאָרגן וועל איך אויסקויפֿן דיך פֿון דײַנע זינדער,
און אַהיים דיך ברענגען. — לײַטערן וועל איך דיך ביז וועסט ווערן אויפֿגעהעלט,
און אַ ווײַב וועסטו מיר זײַן, און אַ מאַמע וועסטו ווערן צו די קינדער !
גאָמער, גאָמער, זע, ווי קראַנק איך בין, — אַ׳ט גײ איך אום און שרײַ און שעלט
פֿאָלק מײַנס אויף פֿאַר דינען געצן פֿרעמדע. איך בין אַ טויבער און אַ בלינדער
אין מײַן שנאה, אָבער קומט זי נישט פֿון ליבשאַפֿט דען ? די נאַכט צעגייט. **צעהעלט**
גייט אויף דער קאַיאָר, — גאָמער, גאָמער, איך גײ : גוטמאָרגן זאָגן דײַנע קינדער !



שטורעמדיקער ברויז,
וואָס רייסט אַרוים,
און וואַרפט, צעוואַרפט.

אַ האַרף צעהאַרפט
פאַרטראַכט און מילד,
וואָס גלעט, פאַרשטילט,
און ליולעט איין.

אַ שאַרפער וויין,
וואָס בריט דאָס בלוט.
אַ שווערע רוט
אויף דעם געביין.

אַ שטיל געוויין,
און באַלד געזאַנג
צום טראָט אין גאַנג
פאָראויס, פאָראויס.

זע, זע, — אַ הויז,
און ברייט די טיר
פאַר דיר און מיר
איז אויפגעפראַלט.

אַ העל געשטאַלט
דיין האַנט באַרירט,
און פירט דיך פירט
צו ליכט, וואָס גליט.

אַ מעכטיק ליד
צעבלענדט, צעהעלט, —
ישעיהס וועלט!

ב.

— און קומען וועלן דאָך די טעג!
זיי זיינען שוין צו אונדז אין וועג,
און ווער בעל־זוכה איז, דער הערט
דעם עכאָ אויף דער גאַנצער ערד
פון אָט־די גייענדיקע טעג
אויף אונדזער וועג
און גייט אַנקעגן זיי מיט טריט
און אויפגעלויכטן ליד,
וואָס זינגט זיך דאָך נישט סתם:
— דער טיגער און די לאָם,
דער לעמפּערט און די רינד,
און זע, — עס שפּאַנט אַ מענטשן־קינד
אָן מורא און אָן פּחד צווישן זיי.
דעם לייבס צעברילט געשריי
דערשרעקט דאָ קיינעם שוין נישט מער.
זע, זע, — אויף רוקן פון אַ בער
דער וואָלף, דער פוקס, די שאָף,
און צווישן זיי אַ היימיש עוף
אין שפּילעוודיקער שפּיל פאַרשפּילט,
און קיינער, קיינער צילט
אויף זיי נישט מיט קיין שפּיז.
די ערד — אַ גוטע מאַמע איז, —
זי גיט מיט רחבות אונדז דאָך אַלץ, —
דעם צוקער, האָניק און דאָס זאַלץ,
דאָס ברויט, די פרוכט, דעם וויין,
און צוגאָב אויך די ליבע שיין,
וואָס איז צעהעלט, צעבלענדט אויף איר.
קיין שלאָס נישט אויף קיין טיר,
קיין שומר נישט אויף שוועל.

די נאַכט איז ווי דער טאָג אויך העל,
און פונעם חושך מער קיין סימן נישט.
דער ווינט איז ווינטלדיק, — ער פרישט, דערפרישט
דיך, ווי אַ ווייכער, לאַשטשענדיקער גלעט.
זע, זע, — אַ מענטש בעט אוים אַ בעט
פאַר זיך אין נעסט פון קלאַפּער־שלאַנג,
און הער, — די קראָ פאַרהערט זיך אין געזאַנג
מיט שכן אויפן בוים, — דעם נאַכטיגאַל,
און ביידע זינגען צום לבנה־שטראַל,
וואָס איז צעבלענדט און העל, צעהעלט, —
ווי שיין דו ביסט, ישעיהס וועלט!
ווי גוט איז מיר, אַ היינטיקן פּאָעט
צו הערן, ווי דו ביסט אַ לויטערער צערעדט, —
זע, זע, — אָט שעפּ איך איצט אַ פולע קוואָרט
פון קוואַל, וואָס שלאָגט פון דיין געלייטערט וואָרט!

ג.

— באַלעבן וועט די מדבר זיך אין איר גאַנצער לענג און ברייט,
און אויפגיין וועט אויף איר אַזאַ מין וואונדערלעכע פרייד.
און שיין זיין וועט זי מיט דער שיינקייט פון אַ פרישער רויז,
און וואָך זיין וועט זי מיט דער ווייכקייט פון אַ מאַמעס־שויס,
וואָס צערטלט אירע קינדער, און וואַרעמט זיי מיט מאַמע־ליבשאַפט אָן.
און ווידער וועט געשען, ווי געשען איז שוין אַמאָל מיט דעם פּאַלנדיקן מן
אין מדברדיקן העל צעגילדעטן קאַיאָר.
דער שענסטער חלום וועט זיך איבערגיסן אין דער וואר, —
דאָס ברויט וועט זיין אין פולער מאָס, דער וויין וועט שוימען פון דעם קרוג,
און זיין וועט שוין פאַר אַלעמען גענוג.
אַזוי האָט ער פאָראויסגעזען,
איז ווען זשע ווען וועט דאָס געשען?
עס וועט, עס וועט, עס וועט! —
זינגט אויך דער היינטיקער פּאָעט!

ד.

ישעיהס וואָרט, — עס זאָגט אונדז אָט־די העלע, וואונדערלעכע בשורה אָן,
און בעט דערבײַ זיך אַזוי רחמימדיק און מיט אַזאַ מין פּאָטערלעכן טאָן,
אַז שטאַרקן זאָלן מיר די שוואַכע הענט, און די ציטערדיקע קני.
— עס קומט דער טאָג, ווען זײַן וועט אַלץ פאַר אַלעמען אין פולן בלי,
ווייל אַלדעם גוטס איז דאָ אין דער יצירהס אינגעווייד.
דער טרויער וועט צעגיין זיך, ווי דאָס זאַלץ אין וואַסער, און די פרייד
וועט אויפגיין אין גרויסער ליבשאַפט מצרף זיך צו זײַן,
ווייל איינס איז טייל פון צווייטן, ווי שטראַל איז טייל פון בלענדנדיקער שײַן.

ישעיהס וואָרט, — נעם צי דאָס ווײַטער, ווײַל זײַנס איז דײַנס, — עס איז אין דיר,
נעם טראָג עס צו צו יעדער שוועל, און זאָל עס אָנקלאַפּן אויף יעדנס טיר,
וועט לאָמפּ זיך העל צעצינדן און העל וועט ווערן אין יעדן פינצטערן געמיט,
און זינגען וועט עס, ווי איך און דו, ישעיהס העל צעלויכטן ליד:
— באַוואַסערט וועלן ווערן אַלע טריקענישן אויף אונדזער ערד,
און וואָס איז ווייניק דאָ ביי אונדז, וועט זײַן פאַרמערט,
אַן איבערפולטער וועט זיך שוימען איבער יעדנס טיש דער קרוג,
ווייל רייך איז אונדזער ערד — זי האָט פאַר יעדערן גענוג.
אַ גלעטנדיקער וועט זיך אומוויגן דער ווינט־געבלאָז,
און אויפגיין וועט אַ שמעקנדיקס און אַ געדיכטס דאָס גראָז.
אויף גאָרער ערד וועט ציען זיך אַ ברייטער וועג
פאַר די צדיקים, און פאַר זייער גרוים פאַרמעג,
און וואונדער איבער וואונדער וועלן אויף דער ערד געשען, —
דער טויבער וועט דערהערן, דער בלינדער וועט דערזען,
דער קרומער וועט צעשפּאַנען זיך אין רירעוודיקן גאַנג,
דער שטומער וועט אַ זינג טאָן אַ געזאַנג,
און זײַן וועט אונדזער ערד צעבלענדט, צעהעלט,
און אָפּגעווישט וועט ווערן יעדע רשעות פון דער וועלט!

ה.

אין שעהען פון דער גוטסקייט ליכטיקער אין זיין געמיט,
איז תפילהדיק אַזוי און רחמימדיק אַזוי זיין ליד:
— און קומען וועט דער טאָג, און דו וועסט זאָגן: — איך זינג אַ לויב צו דיר!
ווייל ווען אפילו דו ביסט צאָרנדיק און ברוגז, קערסטו דאָך ניט אָפּ דיין בליק פון מיר, —
דו ביסט דערהויבונג מיינע, און מיין צוטרוי, איך פיל פאַר קיינעם נישט קיין שרעק,
דו ביסט מיין אָנשפּאַר און דאָס ליד צעלויכטנס אויף מיין שווערן וועג!
— אַ ריטל ציט זיך פון מיין שטאַם, און אויפגיין וועט דאָס ריטל פונעם שטאַם
אין פולער בליאונג, און בליען וועט דאָס דאָ פאַר אונדז נישט אַזוי זיך סתם,
נאָר אויפגיין וועט דאָס אין אַ בוים צעצווייגטן, וואָס
וועט געבן פירות זאַפטיקע אין דער פולסטער מאָס.

ו.

ישעיה האָט געשפּאַנט אַ דערהויבענער, ווען אָט־ די ווערטער האָבן שטיל געציטערט פון זיין מויל.
געווען איז דאָס אין שפּעטער אָוונט־שעה. ירושלים האָט געצאַפּלט זיך פון גרויל,
וואָס שווערער שונא האָט געשפּרייט פאַר איר ביי אַלע גרענעצן פון לאַנד.
עס איז געווען, ווי יעדער איינער וואָלט געפילט אויף זיך די שווערע האַנט
פון שונא און זיך געצאַפּלט אין איר מאַכט. ישעיהס האַרץ האָט אויפגעכאַפּט די שרעק
אין האַרצן פונעם גאַנצן פאָלק, און ער האָט פאַר באַפרייאונג אומגעזוכט דעם וועג.
— ישראל קרישלט זיך פון שווערן שטויב, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין זיין גוף.
די ברוויזנדיקע רייד פון די נביאים, — זייער וואָרנונג און זייער רוף
פאַרלאַכט און נישט דערהערט געוואָרן דאָרט. איצט קרישלט זיך ישראל
צונויפגעדריקט צווישן אשור און מצרים. ווייל נישט דערהערט דאָס קול
פון וואָרנונג, איז שטראָפנדיקע רוט צעפאָכעט דאָרטן. און וואָס איז מיט יהודה דען?
וועט זיין באַליבטע שטאָט ירושלים אויסמיידן דעם סוף, וואָס צו שומרון איז געשען?
ישעיה איז געשטאַנען ביים מלך עזיהס טויער, געקוקט אויף זיין באַליבטער שטאָט.
די זילבערנע לבנה האָט אין איר שווייגנדיקן שיין געהילט דעם סוד,
וואָס שווער געווען פאַר אים איז צו אַנטפּלעקן. דער מלך איז קראַנק, ער האַלט ביים סוף,
און יונג איז יותם דער בן־מלך נאָך, — איז וואָס־זשע, וואָס־זשע וועלן טאָן די שאָף
אין פעלד איצט אָן אַ פּאַסטוך? דעם פאָלק איז שווער. צונויפגעדריקט איז הויז צו הויז,
און פעלד צו פעלד צונויפגעדריקט. אַ שטורעמדיקער ווינט איז אין געברויז

אויף הארץ פון פאָלק. אַן אומרו אין דער לופט. דער עושר פרעסט און זויפט,
און אָרעמאַן שטעקט די צונג אַרויס פון הונגער. מען קויפט, פאַרקויפט
אלמנות און יתומים הפקרדיק אין מאַרק. די שופטים זיינען טויב און בלינד,
און די כוהנים אויך אַזוי. דו ברענג זיי נאָר פון שטאָל אַ פעטע רינד
איז שוין סליחה ומחילה אָנגעגרייט, און ווידער איז מען פון דער זינד שוין ריין.
דאָס פלייש איז פעט, דער ווײַן איז שטאַרק און די בנות-יהודה זיינען שיין,
און וויליק אויך. זע, זע, — אויך איצט אפילו אין דער שווערער שעה,
שפאַנט אום די זינד מיט ווינקענדיקע אויגן, וואָס לאָזט וויסן, אַז זי איז דאָ,
און גרייט פאַר יעדן פרעמדן מאַן, וואָס קאָן אַ קלונג טאָן מיטן קלאַנג פון גאָלד.
— ישראל קרישלט זיך, ווי שווער עס האָט אפרים פאַר זיינע זינד באַצאָלט,
און ווייסט יהודה גאָרנישט נישט דערפון? אַ שווערער וואָלקן האָט געטאָן אַ צי
און צוגעדעקט דאָס פנים פון לבנה. ישעיהו איז געפאַלן אויף די קני:
— קינדער האָב איך אויסגעהאָדעוועט, דערהויבן. — דער אָקס און אייזל קענען זייער באַלעבאָס,
און מיינע קינדער, — אַ ווינט האָט זיך צעוויגט און צעברומט אין אַ שווער געבלאָז.

ז.

שפּאַנט דער נביא, שפּאַנט,
טראַכט פון פאָלק, פון לאַנד
און דאָס הארץ איז שווער,
און אין אויג — אַ טרער.

נאַכט אַוועק, דער טאָג,
ווי אַ שווערע וואָג
איבער דעם געמיט,
און וואוהין די טריט?

טריט זיך ציען און
הארץ צעבענקט נאָך זון,
און קיין זון נישטאָ, —
וואָס-זשע, וואָס איז דאָ?

כמוריקער קאַיאָר,
שווער אַזוי די וואָר, —
אומה איז אין קאָן, —
וואָס-זשע זאָל מען טאָן ?

טריט אויף מקדש-טרעפּ,
פאַלן שווערע קלעפּ,
עכאָן אָפּ אין לופט, —
עפּעם איז צערופט.

אַזאַ שווערער עול
דריקט דעם רוף פון קול, —
איז נישט קלאָר דאָס וואָרט, —
וואָס-זשע וויל דאָס פאָרט ?

הער, ישעיה, הער !
שטיל צערעדט איז דער,
וועמען דו זוכסט אום
דאָ אין דעם אַרום.

גלעקלדיק געקלאַנג,
און אַ שטיל געזאַנג,
די מנורה בלענדט,
ציטערט שיין אויף ווענט.

האַרץ — ווערט רואיק, גרינג,
זינג , אָ, האַרץ מיינס, זינג,
אין מנורה-שיין,
וועט דאך גרינגער זיין !

הייליק איז די שעה,
תפילה און עבודה דאָ,
ער איז אין דער מיט
אויפגעלויכטן און צעגליט.

ח.

ער איז געשטאַנען לעבן קדשי־קדשים אַן אָפּגעזונדערטער פון דעם אַרום,
און נישט געזען שוין די עבודה און נישט געהערט דעם פאָלקס געברום.
ער איז געווען אַן אויפגעלייזטער אינעם ליכט, וואָס האָט אין אים אַליין געבלענדט,
און פּלוצלינג האָט אַ גרויס און העליש פייער זיך צעברענט,
און ער האָט אויפגעציטערט פאַר דעם אויסטערלישן חזיון פאַר זיין בליק,
און דער חזיון האָט אים צוגעשמידט און נישט געווען פון אים קיין וועג צוריק.
ער איז געשטאַנען מיט די אויגן ברייט צעעפנטע און צוגעשמידט
צו דעם, וואָס האָט זיך אויסטערליש אַנטפּלעקט. נישט פייער מער, נאָר ליכט צעגליט,
און גליענדיק האָט דאָס געבלענדט אַלץ מער און מער. אַ ליכט און נאָך אַ ליכט, —
די ליכטער האָבן זיך צונויפגעוועבט, פאַנאַנדער זיך געטיילט, און ווידער שוין געדיכט,
כדי זיך נאָך אַמאָל פאַנאַנדערטיילן. אַ רגע האָט אויסגעדאַכט — אַ שפּיל דאָס גאָר,
און אים האָט זיך דערמאָנט, אַז נישט איין מאָל האָט ער שוין געזען אַ חלום אויף דער וואָר,
וואָס האָט דערנאָך אין הלום זיך צערונען. זע, זע,—אַ ליכט־געמיש, וואָס מישט זיך נישט צונויף,
אָט פאַלט אַ שטראַל אַרונטער צו דער נידער, און אָט איז ער שוין שטייגנדיק אַרויף
זיך וויקלענדיק און שיינענדיק אַרום אַ שיין, וואָס איז נאָך העלער, ווי זי איז.
ער איז געשטאַנען און נישט געפילט שוין מער דעם גוף אויף זיינע פיס.
צעשוועבט איז ער געווען, — וואוהין? אַהין! אַהין! מיט דעם און יענעם שטראַל
אַרויף, אַרויף, — אַלץ העכער, העכער און באַלד צוריק צום נידער מיט אַ פאַל.
און פּלוצלינג זע, — חזיון פאַרעמט זיך, געשטאַלטיקט זיך, און דעמאָלט איז געשען,
אַז זיינע אויגן ברייט צעעפנטע האָבן אָנגעהויבן קלאָרער צו דערזען!
די שטראַלן האָבן זיך געשטאַלטיקט, — יעדער שטראַל אַ בלענדנדיק געשטאַלט
אין ציטערניש, אין פלאַטערניש פאַר עמיצן, וואָס האָט געשטראַלט
אַנטקעגן אַלעמען אַרום, ווי עס שטראַלט אַ מלך אויף אַ בלענדנדיקן טראָן.
ישעיה האָט דערפילט, אַז יוצר פון יצירה אין זיין פּראַכטיקער קדושה אָנגעטאָן
האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, און ער האָט אויפגעציטערט פאַר דעם, וואָס איז אַנטפּלעקט.
אינאיינעם מיט די פּראַכטיקע געשטאַלטן, וואָס האָבן מיט די פליגל זיך פאַרדעקט

האָט ער געשוועבט און אויפגעציטערט איבער דער אַנטפּלעקונג פונעם סוד,
און אַלץ אין אים, און אַרום אים האָט אויפגעזונגען שירה צום אחד.
די זון, לבנה און די שטערן, — אַלע הימלען געזונגען האָבן קדוש און מיט זיי
דער ווינט אויך אין אַ זינגענדיקן, טאַנצענדיקן בלאָז-געדריי.
און אָפּגעענטפערט האָבן די בעלי-חיים און צמחים און דער דומם אויף דער ערד.
ער איז געשטאַנען לעבן קדשי-קדשים אַן אָפּגעזונדערטער, געזען, געהערט
דאָס נישט-דערזעענע, דאָס נישט-דערהערטע, און אַלץ געוואָרן איז אים קלאָר, —
ישעיהו, זון פון אמוץ האָט דערזען דעם חלום זיינעם אויף דער וואָר.
— איז ווער-זשע וועט דאָ מיין שליח זיין? — האָט ער דערהערט אַ קול.
— איך וועל דער שליח זיין צו די קינדער פון ישראל!
און אויך צו אַנדערע, וואָס קאָנען דיך נאָך נישט,
ווייל מוחות זייערע זיינען נאָך צעמישט, —
האָט ער געענטפערט פול פון פרייד,
און פלוצלינג האָט אַ שיין זיך איבער אים געשפּרייט, —
אַ קויל פון דעם מזבח אין פלאַמענדיקן גלי
האָט אויף זיין מויל געטאָן אַ ברי.

ט.

ישעיהס פלאַם איז פלאַמיקער געוואָרן.
אַ שייטער ברויזנדיק מיט שווערן צאָרן
האָט זיך געריסן איבער יעדן גדר.
ער האָט פון זיך די שיך, די קליידער
אין טיפן ווייי אַראָפּגעריסן,
און אייגן לייב מיט זיינע ציין געביסן:
— אַז וויי און ווינד איז דיר ירושלים,
און דיר אויך כוש, און דיר אויך אשור און אויך צו דיר מצרים, —
צי זענט איר דען נישט איינער פאַרן צווייטן אַ נסיון?
— עס קומט דער טאָג פון חשבון און בזיון
פאַר יעדערן באַזונדער און אַלעמען אינאיינעם,
און נישט פאַרמיידן וועט ער קיינעם!

י.

אין שעהען פון אויפגעברויזטן, פלאַקערדיקן צאָרן,
איז וואָרט זיינס שטעכיקער און סמיקער נאָך פון אַ דאָרן:
— און קומען וועט דער טאָג, ווען זיבן ווייבער וועלן מיט געשרייען
זיך נאָכשלעפּן נאָך מאַן איינ־איינציקן: — אָ, ליבער! מיר וועלן פאַר דיר אַקערן און זייען,
אַז גרינג זאָל זיין דיר אויפן שווועל דער טאָג און אויך די נאַכט אויף דיין געלעגער,
און ער פאַרבייגיין וועט אי שטום, אי טויב, און קאַלט זיין וועט ער, ווי אַ פּגר.
— אָ, בתולות מיט די ווינקענדיקע אויגן און גלעקלדיקן צירונג די תאווה אויפצואוועקן, —
עס קומט דער שטראָפנדיקער טאָג, מיט וואָס וועט איר די בושה אייערע פאַרדעקן?

ישעיה האָט געשפּאַנט אויפן מאַרק־פּלאַץ, די זון האָט זיך געשפּילט אויף די קאָלירטע
געוועבן ביי די אָפענע קראָמען און אויף די יונגע, שיינע הארנטעס באַצירטע
אין צירונג פון גאָלד און איידלשטיינער, וואָס האָבן זיך געוויגט, ווי קיפּאַריסן,
און נאָכגעקוקט געוואָרן פון תאווהדיקע בליקן. דער מאַרק האָט זיך געריסן
צו אָט־די האַרנטעס, — ווער אין באַוואונדערונג, און ווער מיט גאָר אַן אַנדער חשק:
— אַהער! אַהער! איר וועט געפינען, וואָס איר זוכט, — געוועבן פון דמשק,
דאָס שענסטע צירונג פון מצרים, און נעגעלעך, און זאַלבן אַזש פון צידון, —
זעט, זעט, די האַלדזבענדער און די אוירינגלעך נישט צו זען אַזוינס ביי יידן!

יא.

— אַז ווײ און ווינד, —
אַבי נישט יידיש.
פאַר דעם, וואָס בלינד
איז אַלץ אַ חידוש.

עס גרינט, עס בליט
ביים הויז אַ גאָרטן,
נאָר ייד, ער ציט
זיך אַלץ צום דאָרטן.

— נו יאָ, נו יאָ, —
אַבי דמשק,
און שוין איז דאָ
די לוסט, דער חשק!

— דער פויץ, דער ציר
איז פון מצרים,
אַז וויי צו דיר
ירושלים!

— דער זאַלב-געּרוך,
ער קומט פון צידון, —
אָ, פאָלק פון בוך,
אָ, יידן! יידן!

— איז שיינקייט בלויז
אויף פרעמדע וועגן?
איז אייגן הויז
נישט קיין פאַרמעגן?

יב.

די לופט האָט זיך געוויגט פון קולות אויסגעמישטע, — מענטשן, רינדער און געפליגל,
און צווישן זיי אַ קול האָט זיך געציקלט צו אַ סטרונע פון אַ כנור, אַז יידן האָבן ציגל
געקנאָטן אינעם לאַנד מצרים. נאָר פּלוצלינג איז אַ קול אַ נייס שוין אויפגעגאַנגען,
און אַזוי ווייך און זיס איז דאָס געווען, — די ווערטער ריטמישדיקע קלאַנגען:
— קומט, לאָמיר זינגען דאָס געזאַנג פון מיין פריינט, אין זיין וויינגאָרטן, דעם שיינעם, —
אַ וויינגאָרטן געצערטלט און געפלעגט. — נישט געוועזן אַ וויינגאָרטן אַזאַ ביי קיינעם!
— ווער איז ער אָט-דער זינגער. איז ער אַ היגער, צי געקומען פון אַ פרעמדן ישוב?
זיין מאַיעסטעטישע געשטאַלט האָט צוגעגעבן צו זיין קול אַן אויסטערלישן כישוף,
און מחנה האָט צו אים געצויגן, און וואָס ווייטער — מחנה אַלץ געדיכטער.
געקומען זיינען האַרנטעס אינאיינעם מיט די סוחרים און די פּי און הינער-ציכטלער.
— איז ווער-זשע איז דער זינגער? נישט געהערט ביז איצט אַזאַ נגינה, —
— דאָס קול נעמט דורך דאָס לייב, און זיינע ווערטער, ווי געוויקסן פרישע, גרינע!
— הערט, הערט, — אַ צוים געוועזן אַרום דעם וויינגאָרטן פון פיינסטע שטיינער,
אַ טורעם און אַ קעלטער. און ווינשטאָקן? אַזעלכע נישט געפלאַנצט האָט קיינער!
אַ וויילע איז ער געבליבן שטיל, — געקוקט פאַר זיך מיט טרויער אין די בליקן, —

און אויסגעדאַכט האָט זיך, אַז כוואַליעס טרערן אין זיין האַלדז אים שטיקן.
נאָר באַלד האָט ער אַ וויג געטאָן דעם גוף און איינגעצוימט אין זיך דעם טרויער,
און ווידער האָט זיין קול צעצערטלט זיך אויף יעדנס אויער:
— נאָר אַז די וויינטרויבן האָבן זיך באַוויזן, זיינען זיי געווען פאַרדאַרטע,



בילד — מ. בעקער

און אַלע האָפענונגען ביי מיין פריינט געוואָרן זיינען אָפּגענאַרטע!
די מחנה האָט געהערט מיט קלאַפּנדיקע הערצער, און דערהויבענע געמיטער,
און אַז דער זינגער האָט דערפילט, אַז רייף איז שוין דאָס פעלד פאַר שניטער,
האָט אַזאַ פלאַם אַ גלי געטאָן אין זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן,
און ער האָט אויפגעלויכטן ליד זיינס שאַרפער, שטרענגער שוין געצויגן:

## ישעיה דער ערשטער

— אָ, מענטשן, גוטע מענטשן! משפּט צווישן ווייגאַרטן, און פריינט מיין אָפּגעגעבן.
האָט ער דען נישט געטאָן גענוג? וואָס נאָך האָט מען פון אים געקאָנט דערוואַרטן?

די צוהערער האָבן אויפגעכאַפּט דעם נמשל פונעם משל און האָבן זיך צעוויטערט,
און דעמאָלט איז דאָס קול פון זינגער אויפגעגאַנגען הארט, פאַרביטערט:
— איך וועל דעם ווייגאַרטן פאַרוויסטן! דעם צוים צעברעכן און אומוואַרפן דעם טורעם,
און ברענגען אויף די ווינשטאָקן וועל איך אַ שווער-צעברויזטן שטורעם,
זאָל מדבר ווערן ער דאָ צוריק; — האָט ער גערופן אין זיין שווערן צאָרן.
און אַז ער האָט דערזען, ווי שטיל און שטאַר די מחנה איז געוואָרן,
האָט ער נאָך שטאַרקער זיך צעברויזט, — אַז ווי צו די, וואָס רוקן פעלד צו פעלד,
און הויז צו הויז! ווייניק איז פאַר זיי דאָס ברויט, דער וויין און דאָס געצעלט,
וואָס זיי פאַרמאָגן! — גיב זיי נאָך, און נאָך! עס אַרט זיי נישט פאַר יענעם!
— ווער איז ער אָט-דער וואונדערלעכער נביא? נאָך קיינמאָל נישט געזען אים, —
האָט אַן אָפּגעריסענע געפרעגט, קוקנדיק אויף אים אַ דערהויבענע, דערפרייטע.
— דאָס איז ישעיה בן-אמוץ, — האָט איין הארנטע געשושקעט צו אַ צווייטע,
און יענע האָט זיך שטיל געחידושט, — אַ מענטש, אי שיין, אי נאָענט צו די האַרן,
זאָל אויף אַ מאַרק-פּלאַץ צווישן אָפּגעריסענע זיך מאַכן אָט אַזוי צום נאַרן!
און ישעיה האָט געדונערט: — די הארנטעס, די איידעלע אין זייער גלעקלדיקן צירונג, —
עס קומט דער טאָג פון רעכענונג! באַצאָלן וועלן זיי פאַר אָט-דער פירונג!
אַנשטאָט די זיסע ריחות פון די זאַלבן און האָר געפּודערטע, צעבלענדטע,
וועט שווערער ריח טראָגן זיך פון זיי און אומגיין וועלן זיי אַן שיך אויף שטיינער אָנגעברענטע.
— עס קומט דער טאָג פון חשבון פאַר די זינדער!
צעשיינדן וועט דער בייזער אומרחמנותדיקער שינדער,
און וואָס איז נאָענט דאָ וועט זיין דערוויטערט!
פאַרבלייבן וועט בלויז דאָס, וואָס איז געלייטערט,
און אויפגיין וועט אויף דעם די ריינקייט
פון לויטערקייט און שיינקייט
און פון אַ גרויסן כבוד
אין דער שטאָט פון דוד.

יג.

ישעיה — אַ בוים, אַ מעכטיקער צעווײַגט איז פֿאַר די אויגן!
מען זאָגט, — אַ זעג האָט אָט־דעם שיינעם בוים צעזויגן!
די זעג, — זי האָט די וואָרצלען צו דערגרייכן נישט באַוויזן!
זעט, זעט, עס ציען זיך צווייגן, ווי די ריזן,
פֿונעם וואָרצלדיקן שטאָם,
און איבער זיי — אַ פֿלאָם
דורך קנוילנדיקע רויכן
צו די הויכן,
צו די וויַיטן.
אין יעדן דור, באַנייטן, —
ישעיהס וואָרט איז דאָ.
אויך אין דער שעה
פֿון איצט, פֿון היינט
איז ער צעשיינט!



בילד — שׁוּאל ראבינאַ



ין זיין שטילן, פאַרוואָרפענעם דערפל מרשה
האָט מיכה דערזען דאָס פנים פון רשע,
און איבער דעם זיך פאַרמאָסטן
מיט זיין פויערשן צאָרן, דעם פראָסטן:
— הערט, איר גלוסטער צו דעם, וואָס נישט אייערס!
— הערט, איר גנבים פון די פרעמדע שייערס!
— הערט, איר אונטערקויפער און שווינדלערישע קויפער!
— הערט, איר פרעסער און זויפער!
אָט אַזוי האָט צעצאָרנט זיך מיכה
אַנטקעגן גנבה, גזלה, רציחה!

ב.

דאָס פלאַמיקע פייער פון שייטער, —
עס טראָגט זיך אַלץ העכער און ווייטער.
עס ציט זיך דורך קנויליקע רויכן
אַרויף צו די הויכן,
און ווער קאָן פאַרצאַמען
צעצאָרנטע פלאַמען
אַנטקעגן דעם חושך, וואָס איז זיי נישט ניחא?
געווען אַזאַ שייטער איז מיכה, —
עס פלאַקערט ביז היינט נאָך זיין פלאַקער
ביי מענטשן אין פעלד ביי דעם אַקער.

אין שטאָט ביי דעם ווערקשטאָט, ביים שפּינדל, צי אַנדער מלאכה,
וואָס שאַפן די ברכה,
און לעבן מיט קללה,
ווייל רוצחים אין וויסטער בהלה
פאַרצערן דאָס פלייש מיט גיריקע ציינער,
און לאָזן פאַר זיי בלויז די ביינער.

ג.

פאַראַן איז אַן אויג, וואָס זעט דורך אַ פאַרהאַנג פאַרצויגן
פיל קלאָרער, ווי עס זעען די אַנדערע אויגן
אַזוינס, וואָס ליגט פאַר זיי אָפן.
אַן אויג אָט אַזאַ איז ווינט פונעם צפון
אַנטקעגן גנבה, גזלה, רציחה.
— אָ, מיכה! אָ, מיכה
פון דערפל מרשה!
צי שרעקט זיך דער רשע
פאַר וואָרט פונעם נביא, וואָס זאָגט אָן די שטראָף ערשט אויף שפּעטער?
זע, זע, ווי עס זשליאָקעט פאַרשכורט דער פאַררעטער
דעם שוימיקן וויין פון דער שעה
כל-זמן זי איז דאָ,
און קוקט אויפן נביא, וואָס איז זודיק און ברויזיק
מיט הוזק.
— אָ, מיכה! אָ, מיכה!
עס איז די רציחה
נאָך שווערער געוואָרן
אין אונדזערע יאָרן!

ד.

פאַראַן איז אַן אויער,
וואָס כאַפּט אויף דעם טרויער
פון שווערע געמיטער.
אַזוינער דערשפּירט דאָס געוויטער, —
דעם אָנזאָג פון שטורעם.
אַזוינער דערפילט די יסורים
פון שוואַכן אונטער דער פויסט פונעם שטאַרקן.
אַזוינער צעשרייט זיך איבער אַלע געמאַרקן
אַנטקעגן רוצח, וואָס אומעטום איז ער דער קונה במשיכה.
געווען אַט אַזוינער איז מיכה:
— זיי פרעסן די קעלבער, די פעטסטע,
און זייערע ליפּן זיינען שטענדיק פון וויינען באַנעצטע.
די קעלבער, די וויינען, — זיי זיינען געראַבטע אויף וועגן
פון יענעמס פאַרהאָרעוועט פאַרמעגן! —
האָט מיכה מיט צאָרן געשריגן,
און קול זיינס האָט נישט אויפגעהערט זיך אין לופטן צו וויגן:
— און קומסטו קיין ירושלים צום שופט, צום כוהן,
גייט אויף אַ בזיון
דעם משפט צו הערן.
— די אייגענע בייכער מיט פעטקייט זיי נערן,
און לאָזן דעם פאָלק בלויז די ביינער.
— אָ, הערצער פאַרהאַרטעוועטע, ווי שטיינער!
אָ, זינדיקע טריט איבער וועגן!
אָ, גיריקע הענט צו יענעמס פאַרמעגן!
זיי רויבן, צערויבן

די זאַפּטיקסטע טרויבן
פון װײנשטאָקן יענעמס,
און צינדן גיהנומס
אויף גאַסן און װעגן
פאַר יענע, װאָס פּרואװן זיך שטעלן אַנטקעגן:
— אַז װײ צו דיר רשע מיט דײַנע זינדיקע פּלענער,
װײַל מאַכטיק ביסטו, און הילפלאָז איז יענער!
— אַז װײ צו אײַך פירשטן און הארן!
איר לאָזט זיך פון פאַלשע נביאים פאַרנאַרן,
דערפאַר בלויז, װאָס זײ לאָזן אײַך הערן
אָט דאָס, װאָס אײַערע זינדיקע הערצער באַגערן,
און װיליק זענט איר פאַר אָטאָ דער פאַלשקייט צו צאָלן
מיט פלײשן פאַר זײערע צײנער צו מאָלן!
מיט װײַנען פאַר זײערע העלדזער צו זויפן!
— אַז װײ איז צו די, װאָס קויפן, פאַרקויפן,
און האַנדלען,
און װאַנדלען
מיט יענעמס שװײס פונעם פּנים.
זײ זײַנען די שונאים
פון אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן,
און װי זאָל מען אַזױנע פאַרגעבן?

ה.

מיט װאָס זאָל איך קומען צו גאָט אין אײַערע נעמען,
אַז איך זאָל פאַר אים זיך נישט שעמען? —
געקלאָגט האָט זיך מיכה.

— צי זיינען אים ניחא
די קעלבער־קרבנות?
איר טרייבט די אלמנות
פון זייערע שטיבער!
איר לאָזט דאָך אויף הפקר דאָ איבער
יתומישע קינדער!
צי מיינט איר, אַז דורך די קרבנות פון רינדער,
און ליגנערשער תפילה
וועט קומען מחילה?
— עס קומט אָן דער טאָג פון מלחמה,
און גרויזאַם וועט זיין די נקמה!
זי וועט אייך פאַרוויסטן,
צעמישן אין מיסטן,
און איר, אין אייער וויסטן בזיון,
וועט מער קיין חזיון
פון נייער עליה
נישט האָבן די זכיה
צו זען פאַר די אויגן:
דער ווינט וועט די סטויגן
אויף אייערע פעלדער צערויען,
און אויפגיין וועט וויסטער בזיון
איבער די וועגן
אייך אַנטקעגן.

ז.

אַזוי האָט געצאָרנט,
אַזוי האָט געוואָרנט
מיכה הנביא אַנטקעגן דער רשעות!
זײַן קול? — נו, פּרואוו, און פֿאַרוויש עס, —
הערט, הערט, ווי ברויזיק, צעהיצט,
עס טראָגט זיך אויך איצט
זײַן צאָרנדיק קול
אינעם טאָל,
אויפֿן באַרג,
און אויך אויפֿן מאַרק,
וואָס צערוישט און צעברומט
איז נישט פֿאַרשטומט דאָס קול, נישט פֿאַרשטומט!




בילד — זוני מאור



אָם פֿרעמדס איז אַ מאַניע!
געקלאָגט האָט דער נביא צפניה,
און ער האָט געוואָרנט,
און געצאָרנט
אויף אָטאָ דער חרפה און בושה.
— מען קליידט זיך אין פֿרעמדער הלבשה,
ווי אייגענער מלבוש געווען וואָלט בזיון!
— אַז ווי איז צו יענע, וואָס בויען
פּאַלאַצן לויט צור און לויט צידון!
— אוי, יידן! אוי, יידן!
די קינדער פֿון מלך זיך צירן
אין פֿרעמדע קאָלירן,
און בלאָזן אין זיי זיך פֿון גאווה!
— זיי וועלן באַצאָלן פֿאַר אָטאָ דער תאווה!
באַצאָלן אויך וועלן די הענדלער, וואָס קלינגען
מיט גילדענע און זילבערנע רינגען
אין ווייבערשע אויערן!
די הענדלער, וואָס האַנדלען,
און וואַנדלען,

און קלינגען מיט גילדענעם צירונג אין אַלעמענס אויערן!
— עס קומט אָן דער טאָג, ווען צווישן די טויערן
וועט מען זיי זוכן מיט ליכט אָנגעצונדענע און זיי געפינען,
און זייער פאַרמעגן וועט אויפגיין, ווי רויך פון רואינען!

ב.

צפניה! צפניה!
עס לעבט נאָך די מאַניע
ביז היינט!
מען ווערט בלויז צעשיינט
צו אַלץ, וואָס קומט פון ערגעץ, אַ דאָרטן!
ביים אייגענעם גאָרטן
די נעזער פאַרדרייט מען,
און בלויז צו דעם פרעמדן דערהויבענע גייט מען!
וואָס אייגנס פאַרווישט מען,
מיט פרעמדס זיך צעמישט מען
אָן חרפּה, אָן בושה.
נישט נאָר מיט הלבשה,
נאָר אויך מיטן וואָרט, — מעג עס זיין אויסגעדראָשן,
אַבי נאָר אַ פרעמדס איז דאָס לשון!

ג.

צפניה! צפניה!
עס לעבט נאָך די מאַניע,
און מישט אונדז,
פאַרווישט אונדז!
זי ברעקלט אויף שטיקער
דעם אייגענעם עיקר, —
צעשטראַלטן,
וואָס האָט אונדז דערהאַלטן
ביים לעבן דורך דורות!
זי לעשט די מנורות

אין אייגענע שטיבער,
און דאַוונט בציבור
צום פלאַם פון גיהנום
ביי יענעם!

ד.

וואָס פרעמדם איז אַ מאַניע!
געשלאָגן האָט דער נביא צפניה
דעם דור זיינעם מיט אייזערנע ריטער,
ווייל היטער, באַהיטער
איז ער געווען פונעם אייגענעם תוכן.
ער האָט פון די הויכן, —
דער פרינצן־משפחה,
אַ וואַרעמע ברכה
געמאַכט צווישן די פשוטע ברידער,
וואָס האָבן געלעבט אין דער נידער.
צפניה הנביא האָט אַרונטער געניִדערט,
און מיטן פאָלק זיך פאַרברידערט,
ווייל ליב איז געווען אים זיך בענטשן
מיט פשוטע מענטשן.

ה.

זיין וואָרט — אַ שייטער צעשייטערט,
וואָס בלענדט און וואָס לייטערט:
— קלויבט זיך צונויף אַלע אינאיינעם, אינאיינעם,
און טוט נישט קיין שלעכטס דאָ צו קיינעם,
וועט אויפגיין די פרייד אין אייערע שטיבער,
און זינגען וועט איר אין נחת בציבור
דערהויבענע פול מיט קדושה.

— היט אָפּ צווישן זיך די ירושה
פון אײַערע אבות,
פאַרטרײַבט פון זיך די זינדיקע מחשבות,
וועט אויפגײן די רו, און די ליבע
אין אײַער מסיבה,
און מערן זיך וועט דאָס פאַרמעגן
אויף אײַערע וועגן,
און מער שוין נישט פּרוואון וועט אײַך קײן נסיון,
און איר וועט נישט לײַדן מער קײן בזיון
פאַר זיך און פאַר קײנעם!
— נעמט זיך צונויף אינאײנעם, אינאײנעם,
ווי אַ געטרײַע משפּחה,
וועט קומען די ליבשאַפט, און ברכה
וועט שײַנען און העלן
בײַ אײַערע שוועלן!



רויט און וואַסער, פלייש און פיש און וויין!
אַז דערצו איז נאָך די זון מיט שיין,
און מען שלעפּט זיך נישט, ווי אַן אָקס אין יאָך,
וואָס־זשע דאַרף אַ מענטש דען נאָך?

גוטער, פּשוטער און ליבלעכער יואל!
אַלץ וואָלט געווען אַזוי ליב און וואויל,
ווען עס וואָלט געווען גענוג פאַרן מויל
פּירות, קאָרן, פלייש און פיש און אויל,
און פאַרן גומען אַביסל וויין.
אָבער ווי אַזוי־זשע זאָל דאָס זיין,
אַז דער מענטש איז טויב און בלינד,
און איז אָנגעפילט מיט זינד?
אַ רחמנות איז אויך אויף דער רינד.
שווער איז צוצוקוקן אויף איר צער,
ווייל אויך זי באַצאָלט דערפאַר,
וואָס אַ זינדיקע איז דאָ די שעה.
אַז קיין רעגנוואַסער איז נישטאָ,
איז דאָך אַלצדינג אויסגעדאַרט!
זע, דער כוהן ביים מזבח שטייט און וואַרט
אויפן קרבן־מנחה און איז אָפּגענאַרט,
אין זיין וואַרטעניש.
אַז אַ ליידיקער איז אומעטום דער טיש,
און דער שייער אויך איז לער,
איז נישטאָ דאָך וואָס און ווער
עפּעס ברענגען זאָל אַהער!

שטום אויך ביי דעם לוי איז דאָס מויל!
אַז אַ שווערע איז די גרויל
אויפן וועג אין גאַנג,
זינגט זיך דאָך נישט קיין געזאַנג,
און קיין לויב.
טריקן איז די טרויב,

און קיין טייטל און קיין פייג
זעען זיך נישט אויף קיין צווייג.
פייגל זינגען אויך נישט קיין געזאַנג,
ווייל קיין קערנדלעך נישטאָ שוין אין דער זאַנג, —

זינגט זיך עמיצן, ווען ער איז הונגעריק?
אָנגעקומען איז דער ווילדער היישעריק,
און ווי חיל זיך צעשפּאַנט
איבער צאַם און איבער וואַנט
אין אַ רוישיקן געברויז.
אומגעשראָקן יאָגט ער זיך פאַראויס
דורך די פענצטער פון איעדן הויז!

זע, עס ציטערט אונטער אים די ערד,
ווי אַ האַלדז אונטער שאַרף פון שווערד,
און דער הימל איז פון אים דאָך שוואַרץ.
מענטש, אָ מענטש, רייס אוים די רשעות פון דיין האַרץ!
צו וואָס דאַס רייסן די מלבושים און די שיך,
און די הויט פון זיך
אין שווערער פּיין און ווי?
נעם בעסער און פאַרזיי
נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל
קערנער איבער באַרג און טאָל,
און די גוטסקייט דיינע שפּרייט, פאַרשפּרייט.
ווי אַ טויב די פליגל אויסגעשפּרייט,
קומען וועט די פרייד
העלער נאָך, — צעגליטער נאָך, —
דיך באַפרייען פונעם יאָך,
און פון פּיין,
און גוט וועט זיין, —
גוט און וואויל!

גוטער, פשוטער און ליבלעכער יואל, —
ווערטער זיינע, כאָטש אַזוי קליין,
איז זי אָבער אַזוי לויטער, אַזוי ריין!



י זון האָט זיך גענויגט צו מערב-זייט,
און ירמיהו איז געזעסן און געקוקט אין דער ווייט
אַריבער די געצעלטן פון ענתות — זיין היים.
פאַר זיינע טריט איז געלעגן אַ בערגל מיט ליים
פון אַ געץ, וואָס ער האָט צעשטויסן מיט זיינע פּיס.
און פּלוצלינג האָבן זיך געטאָן אַ ריס
ווערטער ביטערע פון זיין מויל:
— מיין פאָלק טוט אויס זיך נאַקעט-הויל
פון אייגענעם מהות!
מיין פאָלק איז פול מיט זנות,
און געצנדינעריי!
— אָ, ירמיהו, גיי שריי,
רוף אויס,
צעברויז!
האָט ער דערהערט אַ קול.
— ווי קאָן אַזאַ מין עול
נעמען אַ יינגל, ווי איך,
אויף זיך?
האָט ער געפרעגט מיט ציטער און מיט גרויל.
— הער, הער, איך גיב דאָס וואָרט צו דיר אין מויל,
און שטאַרקן וועט דאָס דיין געמיט,
און פירן דיינע טריט, —
האָט דאָס קול גערעדט,
אָט ווייך, ווי אַ געבעט,
אָט שטרענג, ווי אַ באַפעל,
און ירמיהו איז געזעסן אויף דער שוועל
פון טאַטע-מאַמעס הויז
צעציטערט, אין געברויז,

און דאָך צעבלענדט:
— נאָך איידער ביסט געבוירן געוואָרן, האָב איך דיך דערקענט,
און דיך געקושט, — געזאַלבט דיך מיטן יחוס
פון אַ גרוים שליחות! —
האָט דאָס קול גערעדט באַפּעלעריש.
און ירמיהו האָט זיך צעציטערט מיט אַ ציטערניש
און אויפגעגאַנגען איז ער אַ צעגליטער.
ווערטער זיינע — פייערדיקע ריטער, —
שטורעם-ווינטיקער געריש, געברום
זענען אויך אפילו איצט נישט שטום!

— מען זינדיקט שווער אַנטקעגן זיך אַליין —
מען שענדט דאָס לייב פון אייגענעם געביין, —
דאָס ווייב, דאָס קינד, דאָס זויגלינג פונעם שוים, —
אַלץ, אַלץ וואָס איז אין אייגן הויז
דער פרעמדקייט גיט מען אָפּ.
— אָ, נביא, גיי פון באַרג אַראָפּ,
און נידער צו דעם טאָל,
און וואָרן אויפן קול!

און אויפגעגאַנגען איז ער און געוואָרנט,
און אויפגעגאַנגען איז ער און געצאָרנט.

ב.

אַ שווערער אונדזער בראָך,
די וואונד איז טיף, איז שאַרף, —
זע, זע, איך טראָג זי דאָך,
ווייל טראָגן זי — מען דאַרף!

קיין אַנדער ברירה נישט,
נישטאָ קיין אַנדער וועג, —
די זינד ווישט אָפּ, פאַרווישט
דאָס אייגענע פאַרמעג!

אַ, פאָלק! אַז ווײ צו דיר!
די געצן פון דער פרעמד
בײ יעדן שוועל און טיר,
און אונדזער גאָט — פאַרשעמט!

און הויב איך אויף מײן קול,
און זאָג: — מײן פאָלק, דערוואַך!
פאַלט צאָרנדיק דאָ אַלעמאָל
אַ שטײן, אַ שווערער, פון אַ דאַך!

ענתות — דו, מײן היים,
ווי שווער דו ביסט צעגופּט! —
דײן קול צום געץ פון ליים
פאַרגרילצט די גאַנצע לופט.

די פרעמדקײט גרילצט און שרײט
דורך נעכט און טעג, —
ירושלים איז נישט ווײט,
וועט זײן אַהין מײן וועג!

ווײ און ווינד צו יעקבס הויז,
באַלד, באַלד איז גאָרנישטאָ!
די פרעמדקײט מיט געברויז
צעראַיעט, וואָס איז דאָ!

ג.

די זון איז געווען גליענדיק און העל.
און ירמיהו איז געזעסן אויף טאַטע־מאַמעס שוועל
אין ישוב פון ענתות, וואָס אין טאָל.
און נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל

איז אויפגעגאַנגען איבער אים דער רוף אין צאָרנדיקן ברויז:
— אָ, ירמיהו, שטיי אויף, רוף אוים!
אַ ברויזיקער זאָל זיין דיין רוף.
געציטערט האָט זיין גאַנצער גוף,
און ציטערדיק האָט ער געענטפערט: — איך בין גרייט!
נאָכמיטיק־שעה האָט גאָלד געשפּרייט
פון גליענדיקער זון אין איר פאַרגאַנג,
און ירמיהו האָט שטיל געמורמלט: — מיין פאָלק איז קראַנק,
עס דאַרף אַ היילונג, און וואו נעמט מען זי?
און פּלוצלינג האָט ער אינעם גאָלדענעם צעגלי
אויף בערגעלע נישט ווייט
ביים מערב־זייט
דערזען דאָס קאַלב, דאָס גאָלדענע צעבלענדט,
און אויפגעציטערט: — אָט איז ער דאָך, דער געץ, וואָס שענדט
מיין פאָלק און מאַכט פון דעם אַ תל,
און ער האָט זיך אַ רים געטאָן מיט אימפּעט פון דער שוועל.

ד.

געוועזן איז שפּעט אין בין־השמשות,
ווען ירמיהו האָט פאַרלאָזט דאָס דערפעלע ענתות, —
זיין היים און זיין משפחה.
קיין ברכה,
אים צו בענטשן
אויף שווערן וועג צו אומבאַקאַנטע מענטשן
איז נישט נאָכגעגאַנגען נאָך זיין טראָט פון קיינעם.
צעצאָרנטע די טאַטע־מאַמע, און ברוגזע די שכנים, —
ער האָט די געצן זייערע צעשטויסן!
באַגעגנט האָט דער ווינט אים אינעם דרויסן,
און ווינטיק איז ער באַלד אַליין געוואָרן.
געטראָגן פון אַן אויפגעברויזטן צאָרן,

האָט ער געשליידערט פון די ליפּן ווערטער האַרטע, בייזע:
— נו, אַ משפּחה מיינע! — מען ציט דעם יחוס פון כּוהנים־גזע,
און מען ווייסט נישט, וואָס איז מותר, וואָס איז אסור!
— פאַרשעמט ביסטו, אָ, עלטער־זיידע מיינער, הייליקער אביתר, —
עס ציט דיין יחוס זיך פון משהס ברודער אהרן!
און צאָרנדיק האָט ער נישט אויפגעהערט מיטן טראָט צו שאַרן
פון וועג אַרונטער די געצנדיקע ברוכוואַרג־שטיקער.
— פאַר אַט אַזוינס פאַרבייט מיין פאָלק זיין תּוכידיקן עיקר! —
האָט ער נישט אויפגעהערט צו וויינען און צו קלאָגן,
און מיט די פויסטן זיך אין קאָפּ צו שלאָגן.

זיין טראָט האָט אים צום באַרג אַרויפגעהויבן:
— ווויי און ווינד, און ווינד און וויי צו די, וואָס גלויבן
אין געטשקעלעך פון גאָלד געגאָסענע, פון האָלץ געשניטענע, פון ליים געקלעפּטע!
ער האָט געאיילט, און זיך געטראָגן, ווי איבער פליגל ברייט־צעשוועבטע
אַלץ העכער, העכער אין דעם בין־השמשות,
נישט קערנדיק דעם בליק מער אויף צוריק צו ענתות,
וואָס איז געווען שוין ווייט פון הינטן.
געיאָגט זיך האָבן אים אַנטקעגן ברויזנדיקע ווינטן
מיט שטיקער נאַכט אין זיך אויף די געיעגן,
און פּלוצלינג האָבן זיך צונויפגעמישט די וועגן
מיט אָוונטיקן שאָטן.
ער האָט עקשנותדיק געטראָטן
אַרויף, אַרויף, אַלץ העכער, העכער:
— באַלד, באַלד, און בית־המקדש, ווי אַ גליענדיקער בעכער
וועט זיך אַ הויב טאָן הויך צום הימל.
אַ שאָד נאָר, ירושלים וועט שוין זיין אין דרימל.

די נאַכט קומט אָן, נאָר אים וועט סיי־ווי גוט זיין אויף די געסלעך שטילע.
זיין האַרץ איז אויפגעגאַנגען אין אַ ציטערדיקער תּפילה.

און פול איז ער געווען מיט ליבשאַפט צו דעם יוצר,
וואָס האָט דעם שענסטן אוצר, —
דעם סוד
פון דעם אחד
געגעבן צו זײַן פאָלק ישראל,
און נישט צו די בני־ישמעאל
אין פּקדון.
די נאַכט האָט זיך אין שווערן חושך שוין געבאָדן,
און ער געגאַנגען איז און געגאַנגען
פון ליבשאַפט אויפגעלויכטענער געפאַנגען
צו דער אין־סופיקער יצירה.
זײַן האַרץ איז אָנגעפילט געווען מיט נחת פון דער בחירה,
וואָס ער איז אויסדערווײלט געוואָרן נביא זײַן אין ישראלס עדה.
און פּלוצלינג זע, — אָט איז זײַן עלטער־זיידע,
ער שפּאַנט מיט אים צוזאַמען.
זײַן באָרד איז ווײַס, נאָר זײַנע אויגן פלאַמען
מיט פײַערן, וואָס שפּרייטן זיך און שפּרייטן:
— אָ, זיידע, זיידע! ביסטו געקומען מיך באַגלייטן?
זע, זע, איך בין אין וועג צו ציען ווײַטער דאָך דײַן יחוס!
— אָ, ירמיהו, מײַן קינד, עס וועט דיר שווער זײַן דײַן שליחות,
נישט אײנמאָל וועסטו שעלטן טאָג פון דײַן געבוירן!
— אָ, זיידע, זיידע! יהודה און בנימין האָבן זיך פאַרלוירן,
און איך וועל ברענגען זיי צוריק צו משהם ליכטיקער ירושה!
— אָ, ירמיהו, מײַן קינד! דאָס פאָלק ישראל בלאָנדזשעט אום אָן בושה
אין גאָרטנס נישט פון אײגענע געפלאַנצטע,
און דינען אָפּגעטער פון גאָלד צעגלאַנצטע,
פון זילבער אויסגעקריצטע,
פון האָלץ געשניצטע,
פון לײם געקלעפּטע.
פאַרצויגן האָט דער הימל זיך מיט וואָלקנס טונקעלע, צעשוועבטע,

דער עכאָ פון אַ דונער האָט די לופט גענומען וויגן,
און ירמיהו האָט זיך צעשריגן:
— אָ זיידע, זיידע, הייליקער אביתר!
איך וועל דעם פאָלק דערמאָנען, וואָס איז מותר, וואָס איז אסור!
דאָס פאָלק וועט הערן, און דערהערן!
אביתרס פּנים האָט צעשיינט זיך ווי אַ שטערן
און זיך צעברומט: — אשרי המאמין,
אַזאַ, ווי דו, וועט ברעכן צאַמען,
נאָר צאָלן וועסטו דאָך דערפאַר
מיט גרויסן צער,
און מיט בזיון, —
שליחות אָט אַזאַ איז דאָך נסיון,
וואָס טראָגט מיט זיך יסורים!
דער ווינט איז אויפגעגאַנגען אין אַ שטורעם,
און זיידן אין דער נאַכט אַריין פאַרטראָגן,
און ירמיהו האָט זיין קאָפּ אָן שטורעם-ווינט געשלאָגן,
און העכער, העכער זיך געריסן:
— אָ, זיידע, זיידע, זיי וועלן הערן, זיי וועלן וויסן,
וואָס מותר, און וואָס אסור!
— אָ, זיידע, זיידע, הייליקער אביתר!
עס וועט דיין אייניקל דאָס האַרץ פון פאָלק צעצינדן,
און פאַרבינדן
אין זיין שליחות
דעם גרויסן יחוס
פון כּוהנימשער משפּחה.
עס איז אַ גרויסע ברכה
צו זיין אַ נביא ביי דעם פאָלק ישראלס עדה, --
דו הערסט מיך, זיידע?
דו הערסט מיך, זיידע?

ה.

באַגעגנט האָט די שטאָט אים מיט
נאַכטיקייט און בלענד,
און ער מיט ציטער אין די טריט
האָט שטיל געשאַרט זיך ביי די ווענט.

— ירושלים, מיין היים געליבטע שטאָט,
ווי אייגן, און ווי ליב דו ביסט!
אין דיר דער גייסט פון דעם אחד,
אין דיר אַזוי פיל מיסט!

פון הר־הבית מקדש איז צעלענדט,
איך קוק, אין ציטערניש פון זכות,
נאָר אויף די געסלעך זונות ביי די ווענט,
עס שוימט די נאַכט מיט זונות!

זעט אוים, אַז ווי דער ווינט אין בלאָז,
וואָס טוט זיך ווילד און בלינד אַ ריס,
איז אויך דער מענטש נישט באַלעבאָס
אויף דעם, וואָס אין אים איז!

אָ, גאָט, מיין גרויסער, גרויסער גאָט!
מיט דער גערעכטיקייט אין דיר,
באַהיט מיין וואַקלענדיקן טראָט,
און פיר מיך, פיר מיך, פיר!

דו האָסט מיךביים געבורט געקושט,
דאָס וואָרט געגעבן אין מיין מויל,
איצט בין איך פון דיין וואָרט צעחושט,
דער חוש אין מיר איז גרויל!

און גרויליק זיין איז שווערער עול,
ער איז אַ שטיין דאָך פֿאַר די טריט, —
אַזוי פֿיל טרויער אין מיין קול,
אַזוי פֿיל ווייטיק אין געמיט!

ז.

— דעם מלך יאשיהון — געזאַנג פֿון געזאַנגען!
זיינע טריט זענען נישט געגאַנגען
דעם וועג פֿון זיידן מנשה און דעם פֿאָטער זיינעם אמון,
נאָר שווער איז געווען דער קאַם אַרויסצוקאַמען
די אומווערדיקייט פֿון זייער ירושה.
יאשיהוס יורשים האָבן ווידער אָן בושה
געלאָזט אויפשטעלן די געצישע במות,
און ירמיהו האָט געוואָרפֿן אין זייערע פּנימער קללות און חרמות.
— וואו נאָר אַ בערגל, דאָרט אַ געצן-במה
פֿון פרעמדער אומה
אַריבערגעבראַכטע.
אַ הינטער טירן צוגעמאַכטע
באַהאַלט מען די געטשעקלעך פֿאַרשטאַרטע.
— אַ, מענטשן אָפּגענאַרטע!
דאָס היימישע, דאָס אייגענע פֿאַרזעט מען,
און צו דער פרעמדקייט בעט מען
מיט הענט אויסגעשטרעקטע.
די ערד פֿון יהודה און בנימין איז אַ פֿאַרפלעקטע.
אַזוי פֿיל זינד!

איז בלינד
דער כוהן
צו אָטאָ דעם בזיון?
איז ווער וועט אָפּווישן די פלעקן?
און ירמיהו האָט נישט אויפגעהערט צו וועקן,
דערמאָנען און צאָרענען, און שטראָפן:
— עס קומט אַ שטורעם-ווינט פון צפון
מיט פרעמדקייט אין די פּאָלעס.
און וואו אַ טאָל איז,
און וואו אַ באַרג איז,
און וואו אַ מאַרק איז
אין לאַנד יהודה און בנימין,
וועט פרעמדקייט זיך צעשטראָמען,
און מישן און צעמישן,
און ווישן און פאַרווישן,
און וואָס וועט בלייבן וועט ער ווייט פאַרטראָגן:
— אַז ווי איז מיר אַזוינס צו זאָגן,
נאָר זאָגן מוז מען, ווייל עס זאָגט זיך!
דער שונא טראָגט זיך
מיט פייער-פלאַמען!
ער ברעכט דורך האַרטסטע צאַמען
מיט זיינע גליענדיקע לאַווע-שטראָמען,
אַז ווי צו דיר בנימין!
אַז ווי צו דיר יהודה!
דער שונא גרייט אַ סעודה
פון דיינע רינדער
און דיינע קינדער!

ז.

בין איך אַן אַנגעטרונקענער מיט שאַרפן ווין,
וואָס אַזוי ציטערדיק איז היינט מיין טראָט?
ניין, ניין, — עס גליט און בלענדט אין מיר די שיין
פון דעם אין-סופיקן אחד!

די וויין־באַזויפּענע, — נביאים פאַלשע זענען זיי, —
זיי פּלוידערן אַט דאָ אויף יעדן אָרט!
אַז ווײ און ווינד, און ווינד און ווײ
צו די, וואָס הערן זייער וואָרט!

די אויסגעלאַסנקייט, די שווערע זינד,
צעטענצלטע אויף אַלע גאַסן ווילד, —
דאָס פאָלק איז טויב, און בלינד,
און אין חושך איינגעהילט!

— דער פאַלשער נביא חנניה גיט יעדן נאָך,
און קריגט געצאָלטס דערפאַר. —
אָ, ירמיהו, אַ שווערער איז דיין יאָך,
מען האַלט דיר פאַר אַ נאַר!

— אָ, ירמיהו, אַז ווײ און ווינד איז דיר,
דו ביסט פאַרשפּאָט און אויסגעלאַכט, —
זע, זע, ווי בייז עס ווערט דאָ יעדע טיר
פאַר דיר פאַרמאַכט!

דער שקר טראָגט זיך דאָ פון אומעטום,
דער כוהן, נביא און דער שופט אויך!
— אָ, ירמיהו, פאַרמאַך דאָס מויל, פאַרשטום,
און לייז זיך אויף, ווי רויך!

ח.

בבל און מצרים,
און צווישן זיי ירושלים
אַהער, אַהין מיט אירע בליקן!
— ווי לאַנג, ווי לאַנג וועסטו אַלץ בויען פרעמדע בריקן,

אָ, פֿאָלק מײַנס, פֿון יהודה און בנימין!
— זע, צווישן פרעמדע שטראָמען
ביסטו צעוויגט, צעמישט,
איז דײַן כוח אײַגענער אינגאַנצן שוין פֿאַרווישט,
אַז דו זאָלסט, ווי אַ פעסטונג שטאַרקע זיך נישט הויבן?
— אָ, פֿאָלק מײַנס, וואָס אויס דײַן האַרץ, און לײַטער זיך אין גלויבן,
וואָס איז מסיני, דיר געגעבן,
און דו וועסט לעבן!

מיש אויף אַ בלאַט אין דײַן זכרון,
און אויפֿגיין וועלן יאָרן,
ווען ביסט מיט כלה-ליבשאַפט דײַן חתן נאָכגעגאַנגען,
געצערטלט זײַן בליק, און די פֿאַרלאַנגען
פֿון זײַנע הענט געשטרעקטע!
צי זײַנען שוין פֿאַרמעקטע
יענע יאָרן
פֿון דײַן זכרון?
ווי שיין דו האָסט געבלענדט צום חתן דײַנעם אויף די מדבר-וועגן,
און ער? — געקומען איז ער דאָך מיט ליבשאַפט דיר אַנטקעגן,
ווען נאָר דו האָסט דײַן בליק צו אים געהויבן.
— אָ, פֿאָלק מײַנס, וואָס אויס דײַן האַרץ, און לײַטער זיך אין גלויבן,
וואָס איז מסיני דיר געגעבן,
און דו וועסט לעבן!

בבל און מצרים,
און צווישן זיי ירושלים, —
הײַנט ווינקט זי צו דעם ערשטן,
צאָלט מס צו אים, — דעם בעסטן ווייץ, און גערשטן,
און מאָרגן ווינקט זי שוין צום צווייטן.
— אָ, פֿאָלק מײַנס, צי זעסטו נישט, אַז בײדע גרייטן
די נעצן זייערע פֿאַר יהודה און בנימין?
— אָ, פֿאָלק מײַנס, ווי וועסטו דען דעם נאָמען

פון ישראל דערהאַלטן צווישן פרעמדע ביי דעם לעבן ?
— הער, הער, בלויז די ירושה, וואָס מסיני איז צו דיר געגעבן
איז פעסטונג דיינע פאַר ירושלים
אַנטקעגן בבל און מצרים !

ט.

וואו איז ער, וואו איז ער, דער מלך יהויקום ?
ערגעצוואו איז ער, אין לופט, אין דער לערער !
ווי איז צו דעם, וואָס איז בלויז אַ נוקם
און גאָרנישט מערער !



בילד — פון דאָרען

ברוך דער סופר, — אַ ליכט אין זכרון,
זאָל עס נישט ווערן פאַרלאָשן !
אָפּגעהיט האָט ער ירמיהוס צאָרן,
אָפּגעהיט האָט ער ירמיהוס לשון !

ברוך דער סופר אויף אַ מגילה אַ נייער,
האָט ירמיהוס ווערטער איבערגעשריבן,
ברוזיקער נביא איז אינעם שייער
אויף אייביקע דורות געבליבן!

מלך יהויקום האָט שטיקער נאָך שטיקער
ירמיהוס מגילה געוואָרפן אין פלאַמען. —
נאַרישער מלך, — צי קאָן מען פאַר ליכטיקן עיקר
די וועגן פאַרצאַמען?

מלך יהויקום, — אַ מלך, — נו, מילא,
ירמיהוס צאָרן, ווי פייער צעגליט איז!
מלך יהויקום — צעבראָכענע כלי,
ירמיהוס צאָרן פאַר דורות באַהיט איז!

י.

שטורעם ברוזיקער דורך צאַמען,
פייער, וואַרפנדיק מיט פלאַמען,
ירמיהו פון פריער יוגנט ביזן טיפן עלטער.
ווי איז צו דעם דור, וואָס קוקט אויף אַט אַזאַ, ווי אויף אַ שעלטער,
פון די שוועלן צו פאַריאָגן!
מען האָט מיט שטעקנס אים געשלאָגן,
געוואָרפן אים אין תפיסה,
פאַרמשפּט אים למיתה,
ווייל קיינעם האָט ער נישט געזוכט צו שוינען.
געשליידערט האָט ער זיינע אמתן מלכים אין די קרוינען,
געברענט די טריט פון די נביאים פאַלשע אָן פחד און אָן מורא.
געלויכטן האָט דאָס ליכט פון אַ הייליקער מנורה
אין זיינע פלאַקערדיקע אויגן,
און ווי אַ רעגנבויגן,
איז ער אַזאַ צעלויכטענער געוואָרן
ביים סוף פון זיינע יאָרן.

יא.

פליסנדיקע זיינען ירמיהוס טרערן אויף די גולי-בבל.
קול זיינס איז פון אבל,

וואָס זוכט אַ טרייסט און קאָן זי נישט געפינען.
ער שפּאַנט צעיאָמערט איבער די רואינען:
— נבוכזורדן האָט באַפרייט מיך פון די קייטן,
כדי איך זאָל פון הר־הבית די קדושה אונדזערע באַלייטן?

— אני הגבר, — איך בין דער מענטש! — אַז ווײ איז צו דעם מענטשן,
וואָס האָט שוין נישט מער וואָס צו בענטשן!
בית־המקדש — אונדזער אָנגעפילטער שייער
אויפגעגאַנגען איז אין פייער,
און די ליכטיקע ירושה
אונדזערע איז בושה.

— אני הגבר, — איך בין דער מענטש, וואָס האָט געזען די רוט אין איר צאָרן, —
פאַרלאָשן אונדזער ליכט, און אַזוי פינצטער איז געוואָרן!
— אַז ווײ און ווינד איז מיר צו זען אָט־דאָס מיט מײַנע אויגן!
אַ ווילדער אָדלער איז פון צפון אָנגעפלויגן,
און האָט פאַרצוקט ישראלס סולת.
ער רייסט דאָס לייב, און קלאָגט אויף קולי־קולות:
— אַלץ, אַלץ איז חרוב! און טאָמער בלייבט דאָ עפּעס איבער,
טראָגט דער אָדלער דאָס אין זיין נעסט אַריבער!

— זעט, זעט, פון אַלע לעכער שלייכן איצט די חיות,
עס ציט אַ פלאַם צעהעלישטער פון הר־הבית,
די זון פאַרגייט, און דעקט דאָס פּנים צו פון גרוים בזיון!
ער שלאָגט מיט פויסט זיין קאָפּ, דעם גרויען,
און וויקלט זיך אין אש און קאָן זיך נישט פאַרשטילן.
ער פרעגט: — איז אָטאָ דאָס גאָטס ווילן?
און פּלוצלינג טרייסט ער זיך: — אָט דער בזיון
איז מער נישט, ווי נסיון!
— עס איז די שווערע רוט, וואָס טרייבט אונדז צו דעם וועג, דעם גראַדן!
נבוכדנצר איז די רוט, דער שטראָפער איז נבוזרדן!
זיי ביידע שטראָפנדיקער שטורעם
צו לייטערן דאָס פאָלק ישראל דורך יסורים.

— אָ, פאָלק מײנס, איך הער אַ קול פון רמה, —
דאָס קלאָגט די מאַמע רחל אויפן גורל פון איר אומה,
און קלאָגנדיק, איז דאָס צעטרײסט, — אַ טרײסט, וואָס צערטלט:
— אַלץ, אַלץ, וואָס איז צעפּערטלט,
און וואַלגערט אום זיך אין רואינען
וועט דאָך צוריק דעם וועג געפינען,
די פּײן פון אונטער שווערדנ-שאַרף
וועט אויפגײן אין אַ פרײד צום לעבן אונטער קלאַנג פון האַרף
און זינגען וועט די פרײד אַ ליד
פון גײענדיקע טריט,
און אויפגײן וועט אויפסניי ירושלים, —
יהודה און בנימין, און אויך אפרים, —
דאָס שפּילעוודיקע קינד מײנס פון אַמאָל!
עס קומט אַ טאָג, און אַ גאַנץ וועט ווערן פאָלק ישראל!

יא.

און אַז געטראָפן, וואָס עס האָט געטראָפן,
איז קול פון נביא, וואָס געוואוינט געוועזן איז נאָר צו שטראָפן,
אַ גלעטנדיקס, אַ טרײסטנדיקס געוואָרן.
פאַרשוואונדן איז דער דער צאָרן,
און אויפגעגאַנגען זײנען שטילע הײסע טרערן:

— אָ, איכה? איכה? וואָס וועט ווערן?
נישטאָ דער בית-המקדש אין ירושלים,
פאַרשוואונדן איז ער, ווי דער משכון אין אפרים,
און וואָס איז אונדז געבליבן?
און דאָך האָט ער אַ פאַרמעט אָנגעשריבן
צו דער פאַרטריבנקײט קײן בבל:
— גענוג אַרומצוגײן אַן אבל!
היט אָפּ די לעבנס אײערע, באַקרוינט זײ!
בויט הײזער און באַוואוינט זײ!
און גאָרטנס זאָלט איר פלאַנצן!

— עס קומט אַ טאָג און ווידער וועלן זיך צעגלאַנצן
די דעכער איבער יעקבס הייליקע געצעלטן,
און איר וועט אויפגיין אויף צוריק דורך וועלטן
צעיובלטע און פרייע.
די זון וועט אויפגיין אַן אויסגעוואַשענע, אַ נייע,
און איבער אַלץ און אַלעמען וועט ליכט אַ שיין טאָן דעמאָלט, —
ער איז געזעסן אויף דעם חורבן פון זיין לאַנד, און זיין האַרץ האָט אַלץ געפּלעמלט.

יב.

ירמיהו, — מען זאָגט, — זיין געביין איז אין מצרים,
אָבער זאָגסטו ירמיהו, גייט אויף ירושלים
פאַר די אויגן און דו טראַכסט: — איכה, איכה.
ווערטער פאַלן פון דיין מויל, ציטערדיקע, ווייכע,
און דיין האַרץ איז אין שטילן, ציטערדיקן ציטער, —
ירמיהו הנביא — אַזאַ זודיקער, צעגליטער!



בילד — אורי לעסער



בקוק, — אַ נאָמען, אַ מאָדנער, אַ ווייטער!
נאָר וואָרט זיינס — די שיינקייט פון שייטער
אין טונקעלע, אָוונטיקע שעהען.
עס פינקלען די פונקען פון אונטער די קלאָען
די פערדישע איבער די וועגן,
וואָס זיינען נאָך איצט אין געיעגן
מיט פּאַכיקע שווערדן אין הענט פון די רייטער.
חבקוק, — אַ נאָמען אַ מאָדנער, אַ ווייטער,
נאָר וואָרט זיינס איז נאָענט, ווייל קוואַליק,
און שטראַליק.

ב.

צי האָט ער אין דער צייט געלעבט, צי אין יענער,
און צי איז חבקוק זיין אמתער נאָמען?
עס שלאָגט פון זיין וואָרט מיט זילבערנע טענער,
און ענטפערסט דערהויבן מיט אמן ואמן.

חבקוק הנביא, — געציילטע קאַפּיטלען, וואָס גליען,
ווי זשאַר אין אַ גליעקן שייטער, —
די ווערטער — געפלאַסטערטע וועגן, וואָס ציען,
און פירן דיך ווייטער און ווייטער.

וואוהין? — וואוהין? — צום הימל די זון צו דערלאַנגען
אין פרייד און אין פיינלעכן טרויער,
צו הערלעך געזאַנג פון געזאַנגען,
וואָס האַלט אַ געפלעפטן דיין אויער.

צום אייגענעם ליכט, וואָס אין דיר איז פאַרבאָרגן,
און וויל קיין פאַרלאָשנס נישט ווערן,
דאָס בלענדנדיק ליכט פון אַ זוניקן מאָרגן,
וואָס האַלט ערשט אין ווערן.

דו באָדסט זיך אין ווערטער צעבלענדטע, צעשטראַלטע,
און ווערסט גאָרנישט מיד זיך צו באָדן, —
די ווערטער — טירן און טויערן ברייט-אויפגעפּראַלטע,
חדרים מיט שטראַליקער שיינקייט באַלאָדן.

צי האָט ער אין דער צייט געלעבט, צי אין יענער?
וואָס איז אונדז דער חילוק אין וועלכע ווייטן?
עס גייט-אויף זיין וואָרט אַלץ שענער און שענער
פון דורות צו דורות דורך אייביקע צייטן!

ג.

ער איז געלעגן ביים טויער פון ירושלים צענויפגעדרייט אויף דער ערד,
די זון, אַ בלוטיק-רויטע, ווי אַ האַרץ דורכגעשטאָכן פון אַ שווערד
איז שטאַר געהאַנגען ביי דער נידער פון דער מערב-זייט.
געדאַכט האָט זיך, אַז אָפּגעשטעלט האָט זיך דער גאַנג פון צייט,
און הענגען אין פאַרגליווערונג וועט אַלצדינג דאָ,
ווייל סיי ווי איז שוין מער נישטאָ,
וואוהין צו גיין.
— חבקוק, — האָט ער שטיל גערעדט צו זיך אַליין,
און אַלץ אין אים האָט שווער געקלאָגט.
— חבקוק, האָסטו דען נישט פאַראויסגעזאָגט
אָט-די שווערע שטראָף,
וואָס איז געקומען סוף כל סוף?
— חבקוק, — עס ליגט אַ חרובע דיין שטאָט,
און וואוהין זאָל פירן איצט דיין טראָט,
אַז קראַנק איז יעדער אבר פון דיין גוף?
אין אויער זיינעם האָט אָפּגעעכאָט דער רוף,
זיין אייגענער אויף יעדן מאַרק און יעדן וועג
פון זיינע פריערדיקע טעג.
— ווי צו דיר, חבקוק, — עס איז געשען,
וואָס האָסט פאַראויסגעזען:

— און זייערע פערד זיינען פלינקער פון די לעמפּערטן נאָך זייער רויב,
עס שלאָגט די ערד פון אונטער זיי מיט שווער געדיכטן שטויב,
און בייזע זיינען זיי, ווי וועלף אין דער אָוונטיקער שעה,
און ווייַ צו דעם, וואָס פאַלט אונטער זייערן אַ קלאָ.

— חבקוק, — האָט ער שטיל געקלאָגט, —
האָסטו דען נישט פאָראויסגעזאָגט
אָט דאָס, וואָס איז געשען?
אַז ווייַ צו דיר, חבקוק, וואָס האָסט דערלעבט צו זען
די רייטער אין געיעג
פון וועג צו וועג,
ווי אָדלערס נאָכן פרעס געשווינד.
אַז ווינד און ווייַ און ווייַ און ווינד
צו דיר, חבקוק, וואָס האָסט דערלעבט די שטראָף
— איז דאָס דער סוף?
אָ, ניין! אָ, ניין!
מיר וועלן דאָך נישט אונטערגיין!
און שטאַרבן וועלן מיר דאָך נישט!
חבקוק האָט אַ טרער פון אויג געווישט
און זיך צעצאָרנט אויף דער שטראָפנדיקער רוט:
— אַז ווייַ צו דיַ, וואָס בויען שטעט דורך בלוט, —
צי איז די שטראָפנדיקע האַנט דען ריין?
דער שטראָפער דינט דאָך צו אַ געץ פון האָלץ און שטיין,
וואָס איז מיט זילבער און מיט גאָלד געדעקט.

— אָ, גאָט! איז שטראָפנדיקע האַנט, וואָס פייניקט און וואָס שרעקט,
דען בעסער פון געשטראָפטן? זאָל דער, וואָס שכורט יענעם איין
אַליין דען קיין פאַרשכורטער נישט זיין?

ד.

ער איז געלעגן אויף דער ערד צענויפגעדרייט מיט די אויגן צוגעמאַכט.
דער חושך פון דער נאַכט
האָט אים פאַרהילט,

נאָר האַרץ זײַנס איז דאָך נישט געווען פאַרשטילט.
ער איז געלעגן און זיך אײַנגעהערט
צו דעם פּיס-געשטוים פון דעם שונאס פערד,
און אַזאַ צער האָט אָנגעפּילט זײַן אינגעווייד.
ער איז געלעגן אויף דער ערד צונויפגעדרייט
און שטיל געוויינט:
— צי דען האָב איך געמיינט,
אַז קומען וועט אַזוי אכזריותדיק די שטראָף?
— און איז אָט-דאָס שוין טאַקע אונדזער סוף?
אָ, ניין! אָ, ניין! אָ, ניין!
מיר וועלן דאָך נישט אונטערגיין,
און שטאַרבן וועלן מיר דאָך נישט!
— קאָן אַזאַ מין פאָלק, ווי מיר, דען ווערן אָפּגעווישט? —
האָט ער געפרעגט, און זיך צעקלאָגט,
און קלאָגנדיק האָט ער צו זיך געזאָגט
מיט אויפגעלויכטנקייט אין זײַן געמיט:
— און ווען אפילו עס וועט פון זיך קיין צווײַט
נישט געבן אונדז דער בוים,
און ווען אפילו עס וועט קיין ביסל שוים
נישט זײַן
פון אונדזער ווײַן,
און ווען אפילו עס וועט נישט אויפגיין קיין געוויקס אויף אונדזער ערד,
און אויסגעצערט, פאַרצערט
וועט זײַן די לעצטע רינד אין אונדזער שטאַל,
וועל איך, חבקוק, אויפגיין, ווי אַ שטראַל
צעהעלט, צעבלענדט און לעבן אין דײַן ליכט.
זע, דער חושך אַרום מיר איז שווער, געדיכט,
נאָר אין מײַן גלויבן איז מײַן כוח, —
ער וועט מיך פירן צו דײַן הויך,
און גיין וועל איך דעם גאַנג
צו דיר, — דעם זינגער פון דעם העל געזאַנג.



בילד — מ. זאָלאָטאַראָוו



פאַר דעם פאַרראַט צו דיינע ברידער, וועסטו אויפגיין אין בזיון!
מייז וועלן זיך ראַיען
אין דעם איבערבלייבעכץ, דיין וויסטן.
מיסט וועסטו זיין צווישן די מיסטן
אין די פאַרוואָרלאָזטע ווינקלען.
עס וועט נישט העלפן דאָס שפּרינקלען
איבער דיין צוקאָפּנס
די וואַסער־טראָפּנס
אין דער האַנט פון דיין ליגנערישן כוהן!
אויך ער וועט אין זיין אייגענעם בזיון
אַ צעפּאַלענער ווערן,
און דער ווינט וועט אים פאַרקערן,
און דער ווינט וועט אים פאַרשאַרן,
ווי מען פאַרקערט און מען פאַרשאַרט דאָס ברוכוואַרג פון טראָטוואַרן!

צאָרנדיקער צאָרן פון עובדיה הנביא אויף אדמען, דעם פאַררעטער!
זיצסט און מישסט דעם תנ״ך, און פלוצלינג אַ בלאַט צווישן בלעטער
שלאָגט מיט געוויטער.
לייענסט, און פילסט, ווי אַ ציטער
נעמט דורך דיינע גלידער.
טראַכסט פון דיינע פאַרראַטענע שוועסטער און ברידער,
אין די איצטיקע יאָרן,
און ציטערסט פון צאָרן.
עובדיה הנביאס קול ווערט דורך דיר נאָך צערעדטער
צו די היינטיקע פאַררעטער,
און דו צאָרנסט,
און די וואָרנסט:
— אַז וויי און ווינד איז צו אייך מיט אייער פרעסיקער קנאה,
מיט אייער סמיקער שנאה,
מיט אייערע ציין, די פאַרקריצטע!
— איר מיינט דאָך אַוודאי, אַז איר זענט באַשיצטע

אַנטקעגן דעם שטורעם?
— ווײ וועט זײַן צו אײַך, ווען דער טורעם
זאָל זיך, חלילה, פֿאַנאַנדערפֿאַלן,
און זײַנע ליכטיקע שטראַלן
זאָלן זיך פֿאַרלעשן!
— דער שטורעם אינעם חושך וועט דרעשן
אײַערע גלידער,
אַזוי ווי איר דרעשעט איצט דאָ אײַערע שוועסטער און ברידער!
— דער שונא וועט רויבן,
צעשטויבן
אויך אײַער פֿאַרמעגן,
און ווי היימלאָזע הינט וועט איר אומבלאָנדזשען אויף וועגן,
דער ווינט וועט בלאָזן אויף די וואונדן פֿון אײַערע פֿאַרטריקנטע פֿעלן,
און קײנער וועט אײַך אויף די שוועלן
נישט לאָזן אַריבערטרעטן.
— ווי בעטלער וועט איר אומגײן און בעטן
בײ יעדן פֿאַרבײַגײער אַביסל רחמנות,
נאָר אָפּקערן וועט מען זיך פֿון אײַך, ווי פֿון סכנות,
וואָס מען זוכט צו פֿאַרמײַדן.
דאָס מעסער פֿון אײַער פֿאַרראַט וועט שנײַדן
אײַערע אײגענע לײַבער!
דער שטורעם איז נישט קײן איבערקלײַבער
אין זײַן פֿאַרצערן!
אײַער סוף וועט ווערן
אַזוי ווי אין ליד פֿון חד־גדיאָ.

— עובדיה! עובדיה!
האָסט זוכה געווען צו זען די מפּלה פֿון אדומען, דעם פֿאַררעטער, —
הער, ווי דײַן קול איז איצט דורך מיר נאָך צערעדטער
צו יענע, וואָס מײנען, אַז געשוצטע זײַנען זײ אויף זײערע ערטער, —
איך זאָג מיט דײַנע ברוזיקע, הערלעכע ווערטער: —
— פֿון העכסטע, אָדלערשע ספֿערן,
פֿון נעסטן אפֿילו אַזוי הויך, ווי די שטערן,
וועט שטראָפֿיקע האַנט דיך דערגרייכן, און דײַנע גלידער
צעשמעטערן וועל איך, און זײ צעוואַרפֿן אין חושך פֿון דער נידער!



יחזקאל      תר״פ      האָלצשניט

געמעל — יוסף בודקאָ



ון יחזקאלס האַרץ איז געווען באַשווערט
אויף דער נייער און דער פרעמדער ערד.
בבל, דער באַצווינגער פון זיין לאַנד
דריקט זיין פאָלק מיט שווערער האַנט
אויך דאָ ביי זיך אין דער געפאַנגענשאַפט.
ווי לאַנג וועט אָנהאַלטן דער זאַפט
אין דער צווייג, דער אָפּגעשניטענער, פון שטאַם?
וועט גענוג זיין בלויז דער אָפּשיין פונעם פלאַם
נישט צו ווערן אויסגעצערט
אויף דער פרעמדער ערד?
זע, דאָס סולת פון יהודה דאָ
ציטערט דאָך פאַר יעדער נייער שעה.

וואָס-זשע טוט מען? און וואָס וועט זיין?
און יחזקאל אין זיין שווערער פיין
האָט געשפּאַנט אין טאָל ביים טייך כבר,
און געקוקט אין פּנים פון דער וואָר,
וואָס געווען איז שווער און שוואַרץ.
פלוצלינג, — אַזאַ צאַפּל אין זיין האַרץ, —
נאַרט אים אָפּ דאָ זיין געהער?
ווער רעדט צו אים דאָ, ווער?
דאָס קול — אָנגעפילט מיט דעם איז דאָך די לופט, —
עס רעדט, עס זאָגט, עס מאָנט און רופט:
— מענטשנ־ זון, גיי אויף פון טאָל
צו די ווידערשפעניקע בני־ישראל!
זאָג זיי, אַז דער ברויזנדיקער ווינט
איז געקומען פאַר די שווערע זינד!

אויפגעציטערט האָט יחזקאל און, —
זע, עס שיינט אַ ליכטיקע די זון,

און זי שפּילט זיך אויפן טײַך כבר.
— חלום, חלום אויף דער װאָר! —
האָט אַ רים געטאָן זיך שטיל זײַן קול.
פּלוצלינג נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל:
— מענטשנ־זון, צי הערסטו נישט מײַן װאָרט?
— הייסט עס, אַז אויך דאָ, װי דאָרט?
פרעגט יחזקאל, און זײַן בליק
זוכט פּאַראַוים און אויף צוריק.
— דאָ, װי דאָרט, און אומעטום
איז מײַן רופנדיקער רוף נישט שטום! —
האָט דאָס קול אַ קלאָרס גערעדט צו אים.
װאָלקנדל פון אויבן, װי אַ שיפל אין געשווים,
האָט געצויגן זיך אין זונידיקן גלי, —
— הייסט עס, אַז װי דאָרט איז אויך דאָ־הי
דער טראָט
פון דעם אחד? —
האָט ער אויפגעציטערט, און
זיך צעלויכטן, װי די זון.

יחזקאל האָט געשפּאַנט ביים זייט
פונעם טײַך כבר, פאַרשנדיק די װייט
און די ברייט פון דעם אַרום:
— הייסט עס, אַז אויך דאָ נישט שטום
איז דאָס קלאָרע, רופנדיקע קול?
אָבער בין איך גרייט אַזאַ מין עול
נעמען דאָ אויף זיך אין פרעמדן לאַנד?
— איך בין די אויסגעשטרעקטע האַנט,
װאָס ציט זיך און זיך ציט!
איך בין דער גלי צעגליט,
װאָס גרייכט דעם מענטשן אומעטום!
און יחזקאל האָט געקוקט אין דעם אַרום,
ציטערנדיק מיט יעדן אבר פון זײַן גוף,
און געמורמלט האָט ער צו דעם רוף:
— װער ביסטו? רעד הויך און קלאָר!

אזאַ שווערע איז די וואָר,
און קיין חלום איז נישטאָ!
— זעסטו נישט די שעה,
וואָס צעגליט איז אַרום דיר?
פילסטו דען נישט דעם באַריר
פון דער שיין, וואָס איז צעבלענדט?
טראַכט נישט פון קיין ווענט
צווישן דיר
און מיר! —
האָט דאָס קול צו אים גערעדט
מיט דער ווייכקייט פון אַ גלעט,
און יחזקאל האָט געקוקט, געקוקט, געקוקט.
פלוצלינג האָבן זיינע אַקסל זיך צעצוקט,
און צעשוימט האָט זיך זיין מויל, —
וועלט — אַ פלאָנטערדיקע קנויל,
און דער פלאָנטער איז געדיכט און שווער, —
ווער־זשע זאָל אים אויספלאָנטערן דאָ, ווער?

ב.

אויסגעריסן,
און צעבראָכן, —
כוואַליעס פליסן
אָן בטחון.

מישן, מישן
זיך פאַנאַנדער,
און פאַרמישן
זיך אין וואַנדער.

זאָל איך מאָנען?
זאָל איך שרייען?
וועל איך קאָנען
זיי באַנייען?

וועט מען הערן,
און באַנעמען?
עול דעם שווערן
נישט פאַרשעמען?

זאָל מען יאָגן,
זאָל מען טרייבן, —
איך וועל זאָגן,
און פאַרשרייבן!

הויט פאַרצי זיך
איבער ביינער!
זון צעגלי זיך
העלער, ריינער!

איך בין יחוס,
איך בין זכיה, —
מיין שליחות
פול מיט תחיה!

ג.

ער האָט געשפּאַנט מיט פאַמעלעכדיקע טריט איבער דעם זון-צעבלענדטן טאָל,
געטראַכט פון די כשדים, וואָס האָבן איינגעשלונגען אין זיך די גולי-ישראל,
און זיי פאַרמישט, צעמישט,
און אָפּגעווישט,
און איצט איז פון זיי קיין סימן נישטאָ.
— איז וואָס-זשע טוט מען מיט די גולי-יהודה דאָ,
אַז זיי זאָלן חלילה נישט גיין דעם זעלבן גאַנג
ווי די גולי ישראל, צום אונטערגאַנג?
געבלענדט מיט קאָלירן האָט דער האָריזאָנט,
און אים האָט זיך דערמאָנט
אַ יום-טובדיקע תפילה אין בית-המקדש. עדה מיט די קעפּ צום דיל און הענט צעשפּרייט.
פאָטער זיינער אין דעם פאַלדיקן כהונה-קלייד

האָט אים ביים האַנט געפּירט, און ער האָט נישט געפילט די פּיס,
און גוט איז אים פון דער דערמאָנונג, אָבער פּלוצלינג האָט זיך דער כבר געטאָן אַ ריס,
און אַ צעברויז,
ווי ער וואָלט אין זיין שוים
אַ ווייטיקדיקן בים דערפילט.
— איז וואָס־זשע איז אַזוינס געשען? אָט ערשט איז ער געווען צעשפּילט,
און פּלוצלינג זע, — זיין אויבערפלאַך צערינצלט איז,
און אויפגערייצט איז ער, ווי חיה מיט צעעפנטן געבים.
יחזקאל האָט פאַרטראַכט זיך וועגן ירדן אין זיין אייגן לאַנד, —
שפּאַצירט דער אַלטער ירמיהו דאָרט ביי דעם ראַנד,
אַן אומרואיקער, ווי דאָ, ביי דעם כבר, איצט ער?
איז אים אויך דאָרטן שווער?
יחזקאל האָט דערמאָנט זיך אָן דעם גאַנג אַהער, —
געפּאָכעט האָט נבודזרדנס שווערע רוט.
די שענסטע קינדער פון זיין לאַנד געקייטלטע אין קייטן. די פלעקן פונעם בלוט
האָבן זיך גערויטלט אויף דעם גאַנצן וועג,
דאָס שטיל געוויין דורך נעכט און טעג
פון בענקשאַפט צו דער היים צוריק.
אַז ווי און ווינד איז ירמיהון דאָרט אויך, — דאָס לאַנד צעריסן איז אויף שטיק,
און אונטער עול פון בבלס שווערער, שטראָפנדיקער פויסט.
נאָר לאַנד איז אייגנס דאָך. און שלאָגט דעם שונאס צאָרן אויפגעברויזט,
צעקאָכט זיך דאָס בלוט אויף ערד, דער אייגענער: אין שווערער שעה
דערדראָפּעט מען זיך צו דעם הר־הבית, וואו תמצית אייגענע איז דאָ.

— דער תמצית אייגענער? — יחזקאלס האַרץ האָט אויפגעברענט,
און אַזאַ ליכט אין אים האָט אויפגעבלענדט:
— איז תמצית אינעם היכל אויפן הר־הבית בלויז?
דאַרף גאָט דען אונדזערער אַ הויז?
האָט משהס וואָרט דורך פייער און דורך רויך
זיך נישט צעדונערט אין דער מדבר־סיני אויך?
און האָט זיך דאָרט דאָס וואָרט דען נישט צעשטראַלט?

פּלוצלינג האָט אַ דונער זיך צעקנאַלט,
און אַלץ אַרום האָט זיך געטאָן אַ ריס, —
יחזקאל איז געפאַלן פון די פיס
צום אָנגעגליטן זאַמד פון טאָל,
און נאָכאַמאָל
דערהערט דאָס קול.

ד.

װײ צו דיר יחזקאל,
ביזט פאַרלוירן!
וואויל צו דיר יחזקאל,
ווערסט געבוירן!

צאָרנדיקער צאָרן
און אַ שווער געיעג,
און יחזקאל איז געוואָרן
ציטערדיק פון שרעק.

וואָס-זשע האָט געטראָפן?
וואָס-זשע איז געשען?
מיט די אויגן אָפן
האָט ער אַלץ דערזען.

די יצירה האָט געוויטערט
און געשריגן אויפן קול,
און יחזקאל האָט געציטערט,
ליגנדיק אין שוים פון טאָל.

וואָס-זשע וויל זי? וואָס-זשע מיינט זי?
עפּעס וויל זי דאָך! —
הער, אָט קלאָגט זי; הער, אָט וויינט זי
אויפן גרויסן בראָך!

בראָך, וואָס ברעכט פאַנאַנדער
גאַנצקייט פון אחד, —
זע, עס זיינען איצט אין וואַנדער
משהם צען געבאָט.

טרייבן זיך און זוכן,
שרייען גרוים געשריי, —
גאַנץ צו מאַכן ברוכן
ווילן זיי.

ח.

יחזקאל איז געלעגן אויף דער ערד מיט די אויגן זיינע אויפגעריסן אין דער ברייט
אויף אויסטערלישן חזיון, וואָס האָט זיך אָן דער הויכקייט איבער אים צעשפּרייט, —
פיר אויסטערלישע וועזנס מיט פּנימער און קעפּ אויך אין דער צאָל פון פיר.
באַפליגלטע און פאָכנדיקע, און צווישן זיי אַזאַ זוניק־בלענדיקער קאָליר,
וואָס בייט זיך, גיסט זיך איבער, — איז דאָס אַ חלום? צי די וואָר?
אַ מענטש און באַלד אַ לייב, און אָט אַן אָקס, און שוין אַן אָדלער גאָר,
און צווישן זיי אַ העל געשטאַלט, וואָס זיצט אויף טראָן פון פייער־פלאַם.
— וואָס מיינט עס? און פּלוצלינג אַלץ איז קלאָר! — גאָט ווייסט נישט פון קיין צאַם,
וואָס טיילט פאַנאַנדער לאַנד פון לאַנד, — ער איז אין אַלץ, און אומעטום, —
אין מענטשנס וואָרט, אין אָדלער־פלי, אין לייב־געשריי, אין אָקסן־ברום,
אין שאָטן און אין ליכט, אין ווינט־געברויז, און גאַנג פון טייך, —
אַלץ, אַלץ איז ער, און ער איז אַלץ, — ער איז דער קיניג און די קיניגרייך:
— יחזקאל! יחזקאל! — האָט ער דערהערט אַ קול צעציטערט אין דער לופט,
און קלאָר געוואָרן איז אים שוין צו וואָס דאָס קול אים רופט.

ו.

מענטשן זיינען קינדער, און קינדער האָבן ליב פאַרשפּילט צו ווערן.
יחזקאל אין זיין מורא, אַז דאָס בלויזע וואָרט וועט זיך נישט הערן,
איז וואָרט אַ שפּיל ביי אים אין מויל געוואָרן.
ער האָט אויף די געמאַרקן אויסגעשפּילט דעם צאָרן
פאַר זינד, וואָס פאָלק זיינס איז באַגאַנגען,
און כאָטש זיין שפּיל האָט ווי אַ רוט געשלאָגן, האָט זי געפאַנגען
דאָס אויג, דעם אויער

און האַרץ פון פאָלק. ער האָט דעם שטילן טרויער
געוויקלט אַרום זיך אין דעם פרעמדן בבל.
ער האָט געשפּילט דעם אַבל,
וואָס קאָן קיין טרייסט זיך נישט געפינען,
זיין וואָרט האָט אויסגעמאָלן חורבות און רואינען,
און איבער זיי האָט ער זיין ברויט אין אַפּפאַל אייגענעם געבאַקן.
ער האָט מיט פויסטן זיינע זיך געשלאָגן אויף דעם האַלדז און אַקן,
אַז בלוט זאָל רינען פון די וואונדן.
ער האָט מיט שטריק די הענט און פיס זיך שווער געבונדן,
אַז קיין אבר זאָל זיך נישט באַוועגן
און אויף דער גאַס איז ער געלעגן,
און געוואָרנט,
און געצאָרנט:

— אַ, ווידערשפּעניק פאָלק! — דו מיינסט דו קומסט פון גרויסן יחוס?
ביז משה האָט פון סיני דיר געבראַכט די ליכטיקע שליחות,
וואָס האָט דיך אויפגעהויבן און דערהויבן,
ביסטו געווען אַ ווינט, וואָס ראַיעט זיך אין שטויבן, —
דיין טאַטע אַן אמורי און דיין מאַמע איז געווען אַ חיתות,
און דו, וואָס ביסט געוואָרן, ווי אַ שטערן, וואָס צעגליט איז,
האָסט ווי אַ שטיף־קינד זיך אויסגעוואַלגערט איבער אַלע וועגן.
און ווער איז געקומען דיר אַנטקעגן?
ווער האָט אויסגערייניקט דיינע קראַנקע בלוטן?
און ווער האָט דאָס געגרעדט צו דיר מיטן גוטן,
און מיט ליבשאַפט זיך אינגאַנצן דיר געגעבן?
געזאָגט צו דיר: — אין דיינע בלוטן וועסטו לעבן,
און וואַרן וועסטו ווערן,
און מערן, זיך פאַרמערן!
איז ווער איז דאָס געווען?
דעמאָלט האָסטו אים געהערט, געזען!
נאָר אַז ביסט אויסגעוואַקסן, גרויס געוואָרן,
האָסטו באַלד אַ וואָרף געטאָן די אויסגערייפטע יאָרן
אין אויסגעלאַסנקייט איבער אַלע גאַסן,

די האַנט נאָך פרעמדקייט אויסגעשטרעקט צו אַלע פעלקער, אַלע ראַסן, —
פלישתים, אשור און מצרים,
און אַ זונה אין ירושלים!

— אַז ווי צו אַזוינע נביאים, וואָס וויגן, פאַרוויגן
דעם פאָלק מיטן ניגון
פון שלום,
ווען חלום
ביי זיי איז נקמה,
און מלחמה, —
אַזוינע זאָל דאָס פאָלק נישט פאַרשרייבן,
קיין זכר פון זיי זאָל נישט בלייבן!

יחזקאל האָט געשפּילט דעם ברויזנדיקסטן צאָרן,
געשטאָכן אין דעם לייב פון פאָלק מיט שפּיץ פון דאָרן,
און באַלד אַ היילונג דעם געגעבן:
— אין דיינע בלוטן וועסטו לעבן!
יחזקאל האָט געשפּילט, דאָס פאָלק האָט טיף זיין שפּיל באַנומען,
נישט איינמאָל אים געשאָלטן, אַז זיין צונג זאָל זיך צוקלעפּן צו זיין גומען,
און דאָך האָט ער געהאַלטן אַלעמען געפאַנגען.
דאָס פאָלק איז אומעטום אים נאָכגעגאַנגען.
ער האָט געשלאָגן מיט די שאַרפסטע ריטער,
און פאָלק האָט אים גענומען, ווי דעם היטער, און באַהיטער
פונעם אייגענעם פאַרמעגן
אויף די פרעמדע וועגן,
און געוואָרן איז מען אין זיין האַנט די זריעה
פאַר אַ נייער תחיה.

ז.

איבער פרעמדער ערד די פּים?
אייגענער וועט ווערן מיט פאַרמעג!
זע, דער תוך צעבליטער איז
נישט פאַרלוירן אויפן וועג!

צוגענומען איז דאָס אייגן לאַנד,
וואונד איז שווער, די פּיין איז טיף!
יחזקאל האָט פאַרטראַכט געשפּאַנט
אויף די געסעלעך פון תל-אביב.

שטיל און שאַ. שפּעטע אָוונט-שעה.
טיר און טויער צוגעמאַכט:
— איז דען גאָט אָט-דאָ נישטאָ?
זע, ער איז אויך דאָ צעוואַכט!

איז די ערד אַ פרעמדע אונטער מיינע טריט?
און דער הימל איבער מיר דאָ אויך אַזוי?
זע, — אַ שטערן פינקלט העל צעגליט,
און דער הימל — ריין און בלוי.

ריין, און בלוי, אַזוי ווי דאָרט,
הייסט דאָך דאָס, אַז אומעטום!
זאָל נאָר תוך פון אונדזער וואָרט
דאָ נישט ווערן שטום!

תוכיק וואָרט — עכאָ פונעם בלוט,
קומט עס נישט פון טיפסטער טיף?
זע, ווי ליב און שטיל עס רוט
אויך אין בבל יידיש תל-אביב!

בית-המקדש איז נישטאָ שוין דאָרט?
אָפּגעברענט, — פאַרצערט? פאַרצערט?
וועט קדושה ווערן אונדזער וואָרט
אויף דער גאַנצער ערד!

אויפגיין וועט עס העל, צעבלענדט
און באַלייכטן אונדזער גאַנג,
וועט עס ווערן פונדאַמענט
אונדזערער אויף דורות לאַנג.

און קיין פרעמדקייט וועט נישט זיין
מיט דעם ליכט, וואָס אייגן איז. —
נאַכט האָט אויפגעבלענדט מיט שיין,
און געגלעט יחזקאלס פּים.

קדוש, קדוש — אומעטום
איז דאָך די קדושה!
הער, אָ, הער — נישט שטום
איז דאָך די ירושה!

ט.

יענעם קאַיאַר האָבן זיינע אויגן, ווי די זון זיך צעצונדן.
און דאָס וואָרט זיינס, ווי אַ היילונג פאַר וואונדן
האָט זיך געהויבן און אויפגעגאַנגען
אין די הערלעכסטע געזאַנגען:
— העי, איר ביינער,
צווישן שטיינער,
טרוקענע, האַרטע
און פאַרדאַרטע!
גייט אויף, און פאַרוועבט זיך,
שטייט אויף, און באַלעבט זיך!
— העי, איר צעשאָטענע גלידער,
נעמט זיך צענויף, און פאַרגלידערט זיך ווידער!
ציט פלייש און הויט אויף זיך אַריבער,
און גייט אויף באַלעבטע, בציבור
איבער די וועגן
צו דעם ליכטיקן מאָרגן אַנטקעגן,
ווי טשערערע פון פאַסטוכער באַהיטע!
און יחזקאלס אויגן האָבן געזען, ווי פאַרגאַפטע, צעגליטע,
האָבן זיך ביינער געגלידערט,
און סקעלעטן מיט נייעם לייב אויף זיך האָבן זיך געברידערט
אויפגעלעבטע, באַנייטע, צעבלענדטע
מיט די פּנימער צום אייביקן לעבן געווענדטע!

ח.

געחלומט האָט ער פֿונעם נײַעם אויפֿבוי דאָרט,
נאָר זײַן אויפֿגעלויכטן, זודיק וואָרט
האָט געוואָרצלט זיך אָט־דאָ.
געזען האָט ער די שעה
פֿון אויפֿגאַנג אויף צוריק,
נאָר ער אַליין געוואָרן איז די בריק
פֿון דאָרט אַהער.
איז דען דאָ אַן אָרט אַזאַ, וואָס לער
איז פֿון זײַן זײַן?
זע, ווי לויטער איז די מאָרגנשײַן
אין דעם גאַנצענעם אַרום, —
איז זײַן ליכטיקייט נישט אומעטום?
עס איז! עס איז! עס איז!
זע, זע, — עס שפּאַנט דער ריז
מיט זײַנע וואונדיקע פֿיס
אין צאַפּלדיקן בריוז
פֿאָראויס! פֿאָראויס!



אַנטל פון ערשטן איז אויף צווייטן געפאַלן,
איז צווייטער, ווי דער ערשטער געוואָרן, —
פליסיקע פרישקייט פון לויטערע קוואַלן,
ליכטיקער טאָן פון אַ גאָלדענעם האָרן!

המשך מיינט אָנהויב, וואָס ציט זיך אַלץ ווייטער,
איז דאָך, אין המשך דער אָנהויב פאַראַנען, —
זע, ווי דער העלער, צעלויכטענער שייטער
פירט אונדז אַלץ ווייטער און ווייטער פון דאַנען.

המשך זיך קייטלט צום אָנהייב דורך דורות,
איז נישט פאַר זיך און מיט זיך קיין באַזונדער, —
גיסן זיך פלאַמען צונויף פון מנורות,
ווערן איינ-איינציקער ליכטיקער וואונדער.

פאָלק האָט זיי ביידן גענומען, ווי איינעם,
ביידן אין זעלביקן ספר געדרוקט און געבונדן, —
ערשטער און צווייטער האָבן אינאיינעם
זעלביקן שיין ביים פאָלק אָנגעצונדן.

ביידע ישעיהס צוזאַמען געשמידטע,
קול און אַ קול, — איין קול איז געוואָרן, —
שייטערס אין חושך צעברויזטע, צעגליטע,
זוניק-צעלויכטענע טרייסט, גליעקער צאָרן!

רופנדיק קול דורך די דורות און צייטן
עכאָט אין הערצער פון דורות די נייע, —
נעענטער ווערן אונדז אַלע הויכן און ווייטן
דורך דער נביאות פון צווילינג ישעיה.

ב.

זײַנע אויגן האָבן דורשטיק געטרונקען די ווערטער פון אַן אַלטער פּאַרמעט־מגילה.
מויל זײַנס האָט געמורמלט צו זיך די געכתיבהטע ווערטער, ווי מען מורמעלט אַ תפילה.
יעדעס וואָרט, ווי אַ גליִעקער שטאָפּל אויף אַ פײַערדיקן לײַטער
העכער, אַלץ העכער, ברייטער, אַלץ ברייטער,
און ער האָט, ווי יעקב אבינו געקלעטערט, געקלעטערט אַרויף צו די הויכן.
בבל האָט זיך געקרישלט אונטערן האַמער פון פּרס, פֿייערן און קנויליקע רויכן
האָבן זיך געשפּרייט, און ער, ביים שײַן פון אַ קנויטל אין אויל אײַנגעטונקען,
האָט אַלץ נאָך אַ דורשטיקער די ווערטער געטרונקען, געטרונקען
אַ דערהויבענער, צעגליטער,
אַ צעצאַפּלטער, אין ציטער:
— הויז צו הויז . . . פעלד צו פעלד . . . גאָט וויל נישט קיין קרבנות
פון די, וואָס פּייניקן יתומים און אלמנות,
און דערפֿאַר איז דער משפּט אַזאַ שווערער.
ער האָט אַ זיפץ געטאָן, פאַרקוקט זיך אין דער לופט דער לערער,
און שטיל געמורמלט: — געקומען איז די שווערע שטראָף אויף יהודה און בנימין!
פּלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מען רופט אים מיט דעם זעלבן נאָמען:
— מײַנער אויך ישעיה, נאָר וואו נעמט מען יענעמס ווערטער, די צעגליטע?
שטראָפער, טרייסטער, וואָרט זײַנס — לאַווע אַ צעזידטע,
דראָענדיקע פויסט,
ווען דאָס האַרץ איז אויפגעבראַוזט,
אָבער, ווען עס שטילט זיך אײַן,
איז זײַן וואָרט, ווי ווײַן,
וואָס גלעט דעם גומען:
— און טעג וועלן קומען,
ווען אַלע פעלקער וועלן ציען
צו דעם באַרג פון ציון,
ווײַל שײַנען וועט דאָס ליכט פון בורא
דורך זײַן תורה.
— און עס וועלן קומען טעג, ווען מענטשן וועלן איבערשמידן
זייערע שווערדן אויף אַקער־אײַזנס, און עס וועלן מער נישט זידן
אין די בלוטן פון די מענטשן קיין נקמה,
אַ פאָלק אַנטקעגן פאָלק וועט מער נישט פירן קיין מלחמה.

פלעמל האָט געפלעמלט, און ער האָט געטרונקען די ווערטער, ווי ווייַן פון בעכער,
און געקלעטערט איבער זיי האָט ער אַרויף, אַרויף, אַלץ העכער און העכער.
פלוצלינג זע, — עס פירט אים עמיצער, ווי אברהם יצחקן, צום פייער אויף עקדה:
— פאַרכט נישט, — הערט ער אין זיין אויער, — מיר קלעטערן דאָך ביידע!
און דאָס פייער האָט אַ וואָרף געטאָן פון זיך צעהעלטע פלאַמען
און גוט איז אים געוואָרן פונעם קלעטערן צוזאַמען!

ג.

זיצט זיך ישעיה דער צווייטער ערגעצוואו אין אַ שטיבל פון בבל דעם קאָפּ איינגעבויגן,
ווייסט נישט צי טאָג איז, צי נאַכט איז, אַנגעצונדענע לאַמפּן זיינען זיינע אויגן,
זוכנדיק דעם יוצר אין אַלע ווינקלען פון דער יצירה,
און אַז ער געפינט אים, זינגט ער נישט קיין שירה
גלאַט אַזוי פאַר זיין כבוד וועגן, נאָר רעדט צו אים פשוטע ווערטער, ווי צו אַ גלייכן,
און ער זאָגט צו אים אַזוי צו זאָגן: — יוצר פון יצירה, הערשער פון אַלע קיניגרייכן,
אמת, אַז זינדיק איז געווען ישראל, זינדיק אויך יהודה און בנימין, —
זיך פאַרגעסן אָן דעם אייגענעם, און אַוועקגעלאָזט זיך מיט די פרעמדע שטראָמען
און אין זיי זיך געלאָזט מישן און צעמישן,
אָבער האָבן זיי שוין נישט גענוג געצאָלט? איז נישט צייט די טרערן אָפּצעווישן
אויף די פנימער פון די באַשטראָפטע? איז נישט צייט זיי אויפצוהייבן ווידער
פון דער טיפער, הושכדיקער נידער?
זע, עס ווערט פאַרצערט דאָס פאָלק דיינס פון די שטענדיקע נסיונות,
און פאַרשעמט איז דאָס פון כסדרדיקע שנאהקע בזיונות!
איז די שטראָפנדיקע האַנט אויף דעם רוקן פון דיין פאָלק דען בעסער?
יעדן טאָג ווערט דאָך די רציחה אין דער האַנט פון שונא שווערער, גרעסער, —
איז נישט צייט שוין פאַר מחילה?
און דער יוצר פון יצירה האָט דערהערט דעם נביאס ווייטיקדיקע תפילה,
און געזאָגט אַזוי צו זאָגן: — גיי זאָג דעם פאָלק ישראל,
אַז עס ברעכט זיך שוין זיין עול, —
— הער, עס קומט אַ גואל אָן פון פרס,
טראָגט אין זיינע אָרעמס כרת
פאַר באַצווינגער פון יהודה און בנימין
אין מיין נאָמען.

— גיי און זאָג, רוף אויס אויף הויכן קול
איבער באַרג און טאָל,
אַז בבל
ווערט אַן אבל !

ד.

און אויפגעשטאַנען איז ישעיה דער צווייטער
אַ געטרייסטער, אַ דערהויבענער, דערפרייטער,
און געזען, ווי הויכער בבלדיקער טורעם
קרישלט זיך פון שטורעם,
און ווי שונאס שטראָפנדיקע ריטער
ברעכן זיך אין דעם געוויטער.
— פאָלק מיינס, זע, ווי דיינע שניטער
ווערן איצט אַליין פאַרשניטן !
זע, דער שטראָפער איז אויף רוקן פונעם שטורעם אָנגעריטן
און ער וואַלגערט און צעוואַלגערט אין זיין צאָרן, דעם צעבריטן
אונדזער שונאס אַלע גלידער,
און ער וואַרפט זיי אין דער נידער.
— אָ ! בבל, בבל,
ווערסט אַן אבל !
ווערסט צעשמעטערט !
יאָרן, יאָרן, אַז דו האָסט געקלעטערט
העכער, העכער אין די הויכן,
איצטער קנוילסטו זיך אין רויכן,
ביסט איצט, ווי דער ווינט אין וואַנדער,
און דו פאַלסט פאַנאַנדער !
האָסט געמיינט אין גדלות דיינעם, אַז ביסט העכער פון די שטערן,
אַז נישטאָ איז אַזאַ כוח, וואָס זאָל דיך פאַרצערן, —
זע, עס טראָגט זיך צו דיין שוועל דער כרת
פונעם וויטן לאַנד אין פרס !
מלך כורש
ווערט דער יורש
פון דיין כוח, און מיט כבוד
וועט ער אויפבויען אויפסניי דאָס הויז פון דוד !

ה.

— טרייסט מיין פאָלק זיך, טרייסט זיך!
גאָט אַליין איצט הייסט דיך
טרייסטן זיך, און פרייען!
גייע כוחות גייען
אויף פון פּרס,
און זיי ברענגען כרת
צום באַצווינגער פון יהודה און בנימין.
— הערט זיי יאָגן זיך, זיי שטראָמען, —
ציטערט, ציטערט, איר בבליים,
פריי זיך, פריי זיך, ירושלים!

— טראָג זיך, יאָג זיך, זינגענדיקע בשורה!
זע, צעשלאָגן איז די גבורה
פון דעם שונא, אונדזער שווערן!
— טראָג זיך בשורה, לאָז זיך הערן
אין די ווייטן, אין די הויכן, —
בבל קנוילט זיך אין געדיכטע רויכן,
בבלס שייער
איז אין פייער!

— טרייסט זיך פאָלק מיינס, טרייסט זיך!
גאָט אַליין איצט הייסט דיך
טרייסטן זיך און פרייען!
— זע, די ווינטן ווייען און צעווייען,
ראַיען און צעוואָרפן אַלץ פאַנאַנדער
און באַצווינגער איז אין וואַנדער!
— פריי זיך ציון און אויך דו ירושלים!
פוצט זיך אוים אין נייעם,
גייט אַרוים צעשאַלטע
און צעשטראַלטע,
ווי דער שם המפורש,
קעגן מלך כורש,
כורש גאָטס שליח, —
כורש המשיח!

ו.

און ישעיה האָט געיובלט און געמוטיקט, גערופן האָט ער צו עליה,
און דערלעבט האָט ער די גרויסע זכיה
זען אַ טייל פון פאָלק אין גאַנג זיך צו באַפרייען,
און באַנייען.

בבל׳ס רוט געלעגן איז צעבראָכן, שונא אָפּגעווישט, פאַרשוואונדן,
און די הערשאַפט פון דעם מלך כורש האָט מיט האָפענונג געצונדן.
פאָלק איז אויפגעגאַנגען,
זינגענדיק געזאַנגען
פון דער זכיה
צו עליה.
און ישעיה האָט באַלייט די עולים קיין יהודה מיט אויפגעלויכטנקייט און טרערן,
און אַליין איז ער געבליבן, ווייל געדאַרפט האָט ער באַקערן
די פאַרבליבענע אין פרעמדן לאַנד צו זייער תוכן.
אים האָט זיך געדאַכט, אַז אונטער כורשס הערשאַפט וועלן אין די רויכן
אויפגיין אַלע געצן און זיי וועלן פון דער ערד פאַרשווינדן,
אַז אַ ליכט אַ נײַ וועט זיך צעצינדן,
און צעהעלן
איבער אַלע שוועלן.

ישעיה איז געבליבן און מיט וואָרט זיינס דעם צעשטראַלטן,
האָט ער די פאַרבליבענע גענערט און ביים תוכן זיי דערהאַלטן:
— מענטשן־קינדער, נישט אין פאַסטן און אין תפילות ליגט דער עיקר,
נאָר אין דער דערקענטעניש פון דעם אחד, — צעברעכט זיך נישט אויף שטיקער, —
זעט, דער תוכן אונדזערער איז אומעטום דאָך אַ צעבלענדטער.
אַזוי האָט ער גערעדט, און כאָטש זיין בליק געווען איז צו יהודה אַ געווענדטער,
האָט ער גערופן אין דער ריינקייט פון דער גאַנצענער יצירה זיך צו בענטשן, —
האַרץ זיינס האָט געגליט מיט ליבשאַפט לויטערער צו אַלע מענטשן!



**שא** נינוה ספר חזון נחום.
דאָס לעבן אין אלקוש איז אַ יאָך אים,
און אויך אין נינוה איז נישט בעסער.
— אשור, די שאַרף פונעם מעסער
העלדזער פון פעלקער צו שניידן
וועט דאָך די שטראָף נישט פאַרמיידן,
אָבער איצט איז אַלץ, ווי אין פיבער,
און ווי טראָגט מען דאָס איבער?
און דאָך אַזאַ טרייסט איז דער שטורעם,
וואָס טרייסלט דעם טורעם
פון דעם באַצווינגער!

נחום — דער היימישער פאָלקישער זינגער, —
אלקוש איז שווער און נינוה נישט גרינגער.
טיף איז זיין ליבשאַפט צו שלום,
אָבער, אַז אשור איז עול אים,
ווערט ער אַ ברויזיק געוויטער.

װאָרט זײנס גײט אױף צעגליט און צעגליטער,
װערט, װי אַ שפּיז פאַרן שונא.
—װאו נאָר אַ הויז, דאָרט איז אַ זונה
פעלקער אין נעץ צו פאַרנאַרן!
— איך װעל דאָס קלײד אירס פאַרשאַרן,
און איר צרעת װעל איך אַנטפּלעקן!
— פעלקער זיך װעקן, צעװעקן,
װאַרפן די יאָכן אַרונטער!
— פרײ זיך יהודה, — אשור גײט אונטער!
אשור צעדרויבט זיך,
צעשטויבט זיך, —
דער מעכטיקער טורעם
זיך װיגט שוין פון שטורעם!

ג.

נחום האלקושי אין ליבשאַפט צו שלום
זעט אין זײן חלום
פאָלק זײנס בײ זעטיקער סעודה.
— גײט אויף צוריק קײן יהודה,
הויבט אָן אויפסנײ אונדזער לעבן!
גאָט איז אַ גוטער, ער װעט פאַרגעבן
זײנע פאַרזינדיקטע קינדער.
װידער װעלן די שאָף און די רינדער
זעטיקן אונדז פון מזבחות,
און די קטורת-ריחות
װעלן װידער רײצן אונדזערע נאָזלעכער אין די יום-טובים.
פרײען זיך װעלן מיר מיט אונדזערע קרובים

בײַ די אײגענע טישן,
און זיך נישט מישן, פֿאַרװישן
אין דעם געװירבל פֿון נינוהשער זנות און איר כּישוף.
— נינוה, װיסט און פֿאַרװיסטער װעט װערן דײַן ישוב, —
מענטש װעט אַ קוק טאָן, װעט ער אַנטלױפֿן,
װײַל נינוה װערט ברוכװאַרג אַ הױפֿן!

ד.

— װײ צו דיר נינוה, — שטאָט פֿון פֿערד און קאַריאָטן,
באַלד װעסטו ליגן אױף די װעגן צעטראָטן!
— װײ צו דיר אשור, — לאַנד פֿון די בײַטשן אױף לײַבער,
באַלד, באַלד און דער טרײַבער
װעט אַ פֿאַרטריבענער װערן!
— װיש אױס זיך יהודה די טרערן,
טרײסט זיך, װאָס אשורס מעכטיקער טורעם
װיגט זיך, װי אַ פֿײַגנבױם, אין שטורעם,
זע, זע, װי אירע פֿײַגן
פֿאַלן שױן איצט פֿון די צװײַגן
דורך װינטן געשמיסן
און פֿון װערים צעביסן!

ה.

נחום האלקושי, — ערגעץ אין אלקוש אַ נחום!
און דו, דורך די דורות דאָ, נאָך אים,
הערסט אים אױך איצטער.
זע, זע, אָט זיצט ער
דיר דאָ דערנעבן.
רעדט װעגן אױפֿבױ פֿון לעבן
נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל װידער.
טרײסט דײַנע שװעסטער און ברידער,
מוטיקט און װעקט צו עליה.
— יום־טוב יהודה, — עס איז איצט דײַן זכיה
בינדן אַ פֿאָדעם צו פֿאָדעם, און אױפֿסנײַ אַ געװעב אױסצושפּינען.

זע, ווי צווישן דײנע רואינען
הויבט אָן איצט ווידער צו גרינען
און ווידער צו בליען!
המשך וועט ציען
זיך ווײטער און ווײטער!
אשור איז שטויב, און דו, ווי אַ שײטער
וואַרף דײנע פלאַמען
איבער די צאַמען.
גיי אויף אַלץ העכער און העכער.
פיל אָן דײן בעכער,
יהודה!
יום-טוב מיט סעודה
פון דײן ערדישער ברכה,
בענטש די מלאכה,
און הער זיך נישט אויף צו באַפעסטיקן,
וועט דיך די רשעות נישט מער שוין באַלעסטיקן!



**עצאָרנט** האָט חגי מיט צאָרן
צעברויזטן אויף יעדע מין ספקות, —
עס וואַקסט נישט פאַר קיינעם קיין קאָרן,
וואָס זייט נישט מיט דבקות!

זיי פרעגן: ווער בויען? וואָס בויען?
אַז ווייַ צו אַזעלכע פרעגער!
דאָס קרעכצן, דאָס זיפצן, דאָס אויען
דערמאָנט אָן אַ קראַנקן געלעגער!

און מיר דאָ, וואָס זיינען געגאַנגען
פון בבל צוריק קיין יהודה, —
פאַרשטילט נישט די העלע געזאַנגען,
פאַרשטערט נישט די הייליקע סעודה!

גענוג שוין, גענוג שוין דער טרויער,
ער וועט אונדז צו גאָרנישט נישט פירן!
נישט טרויער, נאָר מוטיקע בויער
פון מקדש מיט שוועלן, און טירן!

חגי הנביא געוועקט האָט די חושים
ביים פֿאָלק זיינס צו לעבן, ווי מענטשן:
— עסט, טרינקט און נייט זיך מלבושים,
און גאָט וועט מיט גוטסקייט אייך בענטשן!

זיי שרייען: נישט בויען! נישט בויען!
עס איז נאָך די צייט נישט געקומען!
די שרייער אין חושך זיך ראַיען, —
זיי האָבן די צייט נישט באַנומען!

אַזוי האָט געשטורעמט, געשטורעמט
דאָך חגי הנביא מיט גלויבן,
און גיך האָט דער מקדש געטורעמט,
און פֿאָלק צו די הויכן דערהויבן!

גענוג שוין אין פּוילקייט זיך ראַיען,
יהודה איז מער נישט קיין אבל!
געבענטשט זיי, יהושע הכוהן!
געבענטשט זיי, אָ, פּרינץ זרובבל!

געבענטשט זיי, אָ, פֿאָלק, אין באַפרייאונג,
וואָס הויבט אָן אַלץ ווידער און ווידער, —
אין בויאונג איז אונדזער באַנייאונג, —
דער גאַנג צו די הויכן פֿון נידער!

אָ, חגי הנביא, ווי נאָענט און אייגן
דיין וואָרט, עס העלט און עס פֿלאַקערט
פֿאַר יעדן, וואָס שפּאַנט אויף די וועגן
און רוי־ערד צעאַקערט.

געבענטשט זיי, אָ, חגי צעגליטער
ווי הערלעך, צעשיינט איז דיין גלויבן!
עס זינגען די זייער, די שניטער
דיין וואָרט אויך היינט דאָ דערהויבן!



מעשה, אַ משל, אַ רמז,
זכריהס אַן אמת,
וואָס גליט אין די בלוטן.
אַ קול, — אָט מיט גוטן:
— און משפטן זאָלסטו מיט ריינער כוונה
דעם עני, דעם אביון, דעם יתום און אלמנה,
און דעם וועמען שווער איז,
און דעם, ווער אַ גר איז.
און אָט איז דאָס ברויזיק און רופיק:
— פאַרשטומט זאָל ווערן אַלץ, וואָס איז גופיק,
וואָס ציט צום אַרונטער!
אַ וואָרט, — אַזוי מונטער,
ווי ריטמישע שורה,
וואָס ברענגט דיר אַ בשורה,
און גוט איז צו הערן:
— דו זעסט, וואָס עס פליט אין די ספערן?
דאָס איז דאָך די קללה אין אירע געיעגן
דורך טעג און דורך נעכט אויף די וועגן,
כדי שוין וואָס גיכער אַ ברכה צו ווערן!
זכריה הנביא, — וואָס לאָזט ער אונדז הערן?
און וואָס איז אין וואָרט זיינס דער תוכן?
עס נידערט דער באַרג־שפּיץ אַראָפּ פון די הויכן,
און גיסט זיך צענויף מיטן פלאַכלאַנד און שטח,
כדי עס זאָל וואַקסן, וואָס מערער דאָס קאָרן, דער ווייץ און דער רעטאַך
פאַר הונגעריקע מענטשן
צו עסן און בענטשן.

ב.

ווי גוט איז מיט פּרינץ זרובבלן דעם בית־המקדש צו בויען!
און זעט נאָר, — דער ברוד אויפן מלבוש פון יהושע הכוהן

ווערט פּלוצלינג אין ליכטיקער ווײסקײט פאַרביטן,
און איבער זײַן קאָפּ — אַ קרוין מיט אַ דימענט צעגליטן!
אַ גאָלדנער לײַכטער מיט רערלעך צעפּלעמלטע זיבן,
דערבײַ אויך צווײ צווײַגעלעך, — ברוינע אָליוון.
זכריהס אַ רמז!
און זע, ווי אַן אמת
געוואַשן אין לויגן
גײט אויף פאַר די אויגן
אין ליכטיקער מעשה!
— און רײַטער אויף פערד, — סײַ שוואַרצע, סײַ רויטע, סײַ ווײַסע, —
ווי שײַן איז דאָס רײַטן אויף ערד קוים, קוים ערשט באַטראַכטן!
אַ מלאך, אַ ווײַסער, און אַ טונקעלער שטן
זיך קרײַזן אין וואַנדער
און גײען באַלד זיך פאַנאַנדער.
און פרינץ זרובבל? — ער וועט בית־המקדש דערבויען,
און פראַווען די עבודה וועט יהושע הכוהן
אין פולער קדושה!
ווי שײַן איז אָט די ירושה,
וואָס זכריה הנביא האָט איבערגעגעבן
דעם לעבן
אויף ווײַטער!
זכריה — אַ שײַטער
מיט גאָלדענע פלאַמען,
וואָס שײַנט איבער צאַמען
פון דורות און דורות,
די ווערטער — צעצונדענע מנורות
פאַר ברײַטן און ווײַטן:
די רײַטער? — זײ רײַטן
נאָך איצט אויף די וועגן!
קומט, לאָמיר אַנטקעגן
אַרויס צו די רײַטער,
און רײַטן מיט זײ אַלץ ווײַטער, און ווײַטער!



ייין בלוט ווערט צעברויזט, דיין פּנים פֿאַרציט זיך,
און האַרץ דיינס צעברעט זיך
פֿון שווערן בזיון,
ווען זעסט, ווי דיין כּהן
באַפֿלעקט די בגדי־כּהונה
מיט שלעכטער כּוונה.
פֿון אויבן
אַ גלויבן
מיט אויגן פֿאַרגלאָצטע,
און אונטער אים שקרים, — בייזע, צעשפּראָצטע
מיט סם צו דעם לעבן!
דעם הדיוט? — אים ווּעסטו אַמאָל נאָך פֿאַרגעבן, —
ער וועקט אויף אין דיר אַ רחמנות!
קאָן זיין, אַז ער זינדיקט אָן שלעכטע כּוונות, —
באַנעמט נישט און ווייסט נישט!
אָבער דער כּהן? — געפֿינסט זיך קיין טרייסט נישט,
און גאָרנישט נישט מינערט אין דיר שוין די בושה,
ווייל פֿול מיט קדושה
געגעבנסטו צום כּהן!
— אויב אים נישט געטרויען,
איז וועמען זשע, וועמען?

מלאכי, — אַ נאָמען צווישן ליכטיקע נעמען
גייט אויף ביי דיר אין זכּרון,
און הויבסט אָן באַנעמען זיין צאָרן.
— כּהנים! כּהנים! וואָס איז אייער יחוס,
אויב נישט די שליחות
פֿון קלאָרן באַנעמען?
— כּהנים! כּהנים! צי זענט איר נישט די, וואָס דאַרפֿן פֿלאַנטערס צעקעמען,
און ברענגען די שיינקייט פֿון לויטערן וויסן?
— אַז ווי די לעפּצן, וואָס פֿליסן

אַ תּפילה און סליחה,
וואָס מײנען רציחה!
— אַז ווײ צו די לעפּצן, וואָס פּרעפּלען חניפה און צביעות!
נישט אויפוועקן וועלן עליות
אַזוינע און קײנעמס נשמות!
אין קללות, חרמות
ווערט זײערע אַ ברכה פאַרוואַנדלט!
— אַז ווײ צו דעם כּוהן, וואָס האַנדלט און וואַנדלט
מיט דער קרוין, וואָס באַקרוינט אים,
און טוט, ווי עס לוינט אים
מיט דעם און מיט יענעם!
אַזוינער איז פלאַם פון גיהנום
צעזשאַרטער, צעגליטער.
— אַז ווײ צו דעם ריכטער,
וואָס ווייסט נישט פון יושר!
אַזוינער חנפהעט זיך בלויז צו דעם עושר,
און שמייכלט זיך בלויז צו דעם זאַטן,
כאַטש קינדער פון זעלביקן טאַטן, —
דער עושר, דער עני, דער אביון, דער יורד!
אַזוינער איז מורד
אין אַלץ, וואָס קדושה, —
אַזוינער איז חרפּה און בושה!

מלאכי, — אַ בלענדיקער נאָמען צווישן בלענדיקע נעמען!
אַז וואויל איז צו די, וואָס באַנעמען
די ברייטן, די ווייטן!
אַזוינע וועלן זוכה זיין רייטן
אַרויף צו די הויכן,
און טראָגן דעם תוכן
פון אונדזער ירושה
אין פולער קדושה;
דאָס ליכט פון אונדזערע נביאים
צו קיום!

יחיאל בערל דער שניידער — אַ ייִד, אַ חלוש, דאָס בערדל גרוי און שיטער.
געזאָגט האָט מען אויף אים: — אַ ייִד, אַ חקרן, אַ יודע־ספר,
איז אָפּגעהיט אין אַלע מצוות און נעמען מינדסטע שטיקל יתור
פון עמיצנס אַ מלבוש איז טריף ביי אים פון טריפער.
נאָר וואָס־זשע דען? אַ ייִד, אַ שניידער, וואָס וויל ער מיט זיין חקירה?
— חייטניק, האַלט זיך ביי דיין נאָדל! — פלעגט ברומען בערל גבאי,
און מוסיף זיין דערביי: — וואו חקירה, דאָרט איז כפירה!
נאָר גיי האָב טענות, אַז יחיאל בערל גיט דיר פּאַר אַ פּלפּול אָפּ די עולם־הבא!
און נישט נאָר גלאַט אַזוי דיר פּלופּול, נאָר אויך אַ שיינער, ציקלדיקער ניגון.
עס טרעפט, ער שטייט און בלאָזט די קוילן אינעם פּרעסל מיט די ליפּן,
און פּלוצלינג הויבט ער אָן, ווי בוים פון ווינט זיך אומצעוויגן,
און אויסטערלישע פּסוקים נעמען דורך זיין מויל זיך זיפּן.
אַזוי אין שטוב ביי זיך ביי דעם ווערקשטעל, ניי־מאַשינקע, שער און אייזן,
און מער נאָך אינעם שולכל פון זיינע שניידער אין די נעכט פון ווינטער שווערן.
דאָס לעבן איז געווען פּאַר אים אַ מלבוש אויף פּאַסטריגעס, אַ ספר פול מיט גרייזן,
אַ סוגיא, אַ פּאַרדרייטע, וואָס ווייסט אַליין נישט אָפּטמאָל, וואָס זי לאָזט צו הערן.

אָט שטייט ער איצט פּאַר מיינע אויגן, — געווען איז דאָס אין די שפּעטע אלול־ט
דאָס שניידער־שולעכל האַלב ליידיק, און ער אין דער מיט פון אַ שיטערער מסיבד
ווי בלינדער מיט אַ שטעקן, וואָס טאַפּט פּאַר זיך צו דעם פּאָראויס אַ וועג,
און פון זיין קול, —— אָט ברויזנדיק געבייזער, און באַלד שוין גרענעצלאָזע ליבע.
— חייטניק, האַלט זיך ביי דיין נאָדל־פּאָדעם, — זאָגט הערשל גבאי, אַ צעברומט
און הויבט דערביי די ברילן זיינע פון דער נאָז אַליך העכער צו די ברעמען.
דער עולם אַרום אים, אָט ערשט, אַ טומלדיקער, און איצט שוין אַ פאַרשטומטער,
מען זעט בחוש, אַז אַלע ווילן זיין יעדן וואָרט באַנעמען.
און יחיאל בערל שאָקלט זיך, ווי אַ בוימל אין געוויטער,
און פון יעדן וואָרט גייט אויף אַ ציטער:
— „השמים, שמים לאדוני,
והארץ נתן לבני אדם!"

אַזוי, אַזוי, אַזוי,
נו, גיי־זשע לאָז אים,
און קלאָג אים אָן,
אַז סיי ווי האָט ער נישט צו טאָן
מיט דיר,
מיט מיר,
מיט אַלעמען, וואָס האָבן און וואָס שמייען, —
עס איז דאָך נאָר געוואַלד צו שרייען!

דער עולם שטייט און גאַפֿט, און באַלד איז ער אינגאַנצן אַ געפּלעפּטער.
יחיאל בערל איז מיט גאָט איצט דורכאויס אַ באַהעפטער,
אַן איינגעבויגענער, ווי ביים פּאַרציען אויף אַ מלבוש אַ פּאַסטריגע,
צי ביי אַ ספר אָפּענעם אויף אַ שווער־פּאַרדרייטער סוגיא.
ער פֿירט מיט גאָט אַ שמועס, דאָס קול, אָט צער, און אָט שוין פֿרייד,
און פֿון זיין מויל אַזוינע אויסטערלישע רייד:
— רבונו של עולם, איך טראָג דאָס שווערע לעבן מיינס דאָך אויפֿן שולטער,
ווי טרעגער טראָגט געפּעק זיינס אויף אַ שטריק.
אָפּט וויג איך זיך, ווי רינענדיקע מולטער
אַהין און באַלד צוריק
אויפֿן אָקעאַנישן געברויז,
באַגערנדיק אַ ברעג.
אָ, גאָט! ביסט מאַכטיק און ביסט גרויס,
און איך נישט מער, ווי אַ חייטניק מיט אַ פֿינגערהוט אין דיין פּאַרמעג,
דאָך זע איך דיך אויף יעדן טראָט,
איך הער דיך אומעטום.
נישט איין מאָל ביי דעם איינפֿעדעמען אַ נאָט,
דערשפּיר איך דיך אין זיך און בלייב פּאַרגליווערט, שטום!

די אַלטע ווענט פֿון שולעכל רוקן זיך פֿאַנאַנדער,
אַ מדבר שפּרייט זיך פֿאַר די בליקן און איבער אים אַ נביא אין זיין וואַנדער.
דער עולם איז אַ בינטל שטרוי צעפּלאַקערט אין אַ שייטער,
יחיאל בערל מיט פּאַרמאַכטע אויגן ציט אַלץ ווייטער:
— „השמים, שמים לאדוני,
והארץ נתן לבני אדם״.

אַזוי, אַזוי, אַזוי,
נאָר ביסטו גאָטעניו נישט אינעם נאָדל־לעכל פאַרן פאָדעם
אין דעם הייטניקס שווערער האַנט ?
און ביסטו נישט די בראַנד,
וואָס ברענט אין מיר
צו דיר ?
דו ביסט ! דו ביסט !
און נישט אומזיסט
בין איך צעבראָכן ביים „אדם יסודו",
און פול מיט טרייסט ביי דעם „מלא כל הארץ כבודו".

פלוצלינג בלייבט ער שטיל, האַלט דעם קאָפּ פאַרריסן,
און פון זיין מויל הויבט אָן דאָס קול אַזוי בעטנדיק צו פליסן :
— וואָס הייסט דו ביסט אויף אונדזער ערד נישטאָ ?
ביסט דאָ ! ביסט דאָ !
היינט פרי האָסטו אפילו
אריינגעמישט זיך אין מיין תפילה,
און האָסט געזאָגט :
— יחיאל בער,
אַ מענטש פאַרמאָגט
אַ שער,
אַ פינגערהוט,
אַ נאָדל־פאָדעם,
און שרייט, אַז אים איז אַלץ נישט גוט, —
וואָס נאָך דאַרף האָבן אַ בן־אדם ?
אַזוי האָסטו מיך אָפּגעפּאַטערט,
און איך ? אָט שטיי איך איצט פאַר די צעפלאַטערט,
און רעד אַזוינע רייד, כאָטש איך וויים נישט, צי איך מעג.
אָ, גאָט, די גאַנצע אייביקייט איז דיין פאַרמעג,
און איך ? זע, זע, דאָס ביסל גלויביקייט איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג,
און אַז איך הער אַזאַ מין זאָג :
אַז הימל דיר אַליין געהערט,
און מיינס בלויז איז דאָס שטיקל ערד,

באַגער איך אַ דין־תורה.
איך פרעג: — פאַרוואָס איז אַזאַ מורא
צווישן מענטשן אויף דער ערד?
דער — איז גוט גענערט,
איז הויך, און שטאַרק, און שיין,
און יענער — הויט און ביין.
דער ליכטיק איז, ווי די שיין,
און יענער פינצטער, ווי די פּיין,
און שטעכיק, ווי אַ דאָרן.
דער האָט אַ בריטשקע אויף רעסאָרן,
און יענער נישט קיין שיך אויף זיינע פיס אפילו.
אָ, גאָט, איך בעט מחילה
פאַר רעדן אָט אַזוי.
איך ווייס, איך ווייס, אַז „השמים שמים לאדוני,
והארץ נתן לבני אדם",
און איך, חייטניק, מיטן נאָדל־פאָדעם,
אין עפּעס אַ פאַרוואָרפן ווינקל אויף דער ערד,
האָב ווייניק וואָס די ווערט,
דאָך זינג איך צו דיין ליבן נאָמען:
צי ווילסט עס יאָ, צי ווילסט עס נישט,
— ברוך הוא וברוך שמו, אמן ואמן,
ווייל וואָס בין איך? — אַ גאָרנישט מיט אַ נישט,
אַ חייטניק עפּעס, אַ יחיאל בערל
מיט אַ נאָדל און אַ שערל . . .

דער עולם גאַפט, די פּנימער צעפלאַמטע, די בליקן אויפגעהויבן.
נאָר הערשל גבאי איז אַלץ הערשל גבאי, — אַ חייטניק, עס איז דאָך נישט צו גלויבן!
דורך פענצטער אָפענע קוקט גאָט אַריין מיט בלענד אין זיינע אויגן,
יחיאל בערל שאַרט אין ווינקל זיך אַוועק דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

# אינהאַלט:

# מיין דאַנק

**צו אַלע**, וואָס האָבן מיך דערמוטיקט אין מיין אַרבעט אויף די „פּאָעמען וועגן די נביאים" — **חיים גוטמאַנען** — **דער לעבעדיקער**, פאַר זיינע וואַרעמע אָפּרופן אין „מאָרגן זשורנאַל" וועגן עטלעכע פון די פּאָעמען, וואָס זיינען דערשינען אין דער „יידישער קולטור". אויך די דיכטער און עסייאיסטן **ב. י. ביאַלאָסטאָצקי** און **א. טאַבאַטשניק** — דעם ערשטן פאַר זיינע וואַרעמע בריוו צו מיר וועגן „משהן" און „עמוסן" און דעם צווייטן פאַר זיין יישר־כוח־קאַרטל נאָכן איבערלייענען אין דער „יידישער קולטור" מיין „הושען". מיין דאַנק דער דיכטערין **מלכה לי** און דעם דיכטער **ש. בעלסקי** פאַר דער ממשות־דיקער הילף אין אויפזאַמלען אַבאָנענטן, כדי מעגלעך צו מאַכן די דערשיינונג פונעם בוך. דעם דיכטער **י. א. ראָנטש** פאַר דער דערמוטיקונג און אינטערעס. אויך **נחמן מייזיל**, **יעקב מעסטל** און **נ. הייקין** פאַר זייער געדולד און צייט איבער די קאָרעקטורן, אַז עס זאָל קיין גרייזן נישט זיין; דעם דרוקער **ב. קאָהען** פון „פּראָמפּט פּרעס"; די אַרבעטער־דרוקער **ה. לינדער** און **ה. שטערן** פאַר דעם אינטערעס פאַר דער שיינקייט אין דער אויסשטאַטונג; די קינסטלער: **זוני מאוד, בען גאַלאָם, א. אַבראַמאָוויטש, שאול ראַבינא, מ. בעקער, מ. זאַלאַטאַראָוו, משה קיש, מאַגיט בעק, י. זעלדין** און **זשעני ציפּוירין** פאַר זייערע ספּעציעלע צייכענונגען צו די פּאָעמען.

**צום באַדויערן** האָבן נישט אַלע ספּעציעל־געצייכנטע געמעלן זיך געלאָזט רעפּראָדוצירן אויפן פּאַפּיר פונעם בוך, און כדי נישט צו באַעוולהן די קינסטלער האָב איך זיי געמוזט פאַרבייטן מיט בילדער פון אַנדערע מאָלער. ספּעציעל באַדויער איך, וואָס די איינציקע צייכענונג פון זשעני ציפּוירין צו דבורה הנביאה האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט רעפּראָדוצירן אויף דעם פּאַפּיר.

**מיין דאַנק** צו דעם קינסטלער **פרענק קוירק** פון ניו־יאָרק פאַר דעם אינטערעס צו שאַפן פאַר מיר די בילדער פון דעם ישראלדיקן קינסטלער **אורי לעסער**; **דר. ה. לובין** פון שיקאַגע פאַר איבערגעבן מיר די צייכנונגען פון דעם ישראלדיקן מאָלער **יוסף בודקאָ**; דעם דיכטער **מלך ראַוויטש** פאַר דעם צייכנונג פון **אפרים משה ליליען**, און מיינע פריינט **ישראל בענדזשאַמין** פון ניו־יאָרק און **שלום קרישטאַלקע** פון מאָנטרעאָל פאַר באַזאָרגן אַ רייע בילדער פון דאָרען און מיכל אַנדזשעלאָ.

**און פאַרשטייט זיך**, אַז מיין באַזונדערער דאַנק גייט צו די צענדליקער לייענער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די וואַרעמע בריוולעך אויך צוגעשיקט ממשות־דיקע הילף און דערמיט מעגלעך געמאַכט די דערשיינונג פון בוך.

**די זיינען** צום מערסטנס פון די איקוף־פּרויען לייען־קרייזן איבערן לאַנד און אויך אַ רייע יחידים, וועמענס נעמען זיינען דאָ אויסגעצייכנט:

**ז. ווינפּער**

## ניו-יאָרק

טאַניא און מענדל פּראַגער
ליובאַ און דוד שעווקאָוויטש
ז. און אסתר זכריה
אידאַ און אהרן וויניק
ש. דעמבוס
יעקב בערג
אבֿרהם שענאַק
וואָלף וויס
מאַניע קליינבערג
דר. יוסף עפּרעמאָף
בראָנזווילער איקוף-קלוב
פּרץ הירשביין איקוף-קלוב
יצחק און זיין טאָכטער יהודית ראָזענבוים,
לזכרון פרוי און מאַמע נעמי, געשטאָרבן 1951.
הערשל קעסלער,
לזכרון זיין ברודער משה, אומ-געקומען דעם 27טן יוני, 1951.
יהודה יואל באַרנבוים,
לזכרון וואָלף מלמד, זיין שוועס-טער דבורה, זיין ברודער אברהם און זייערע משפחות — אומ-געקומען דורך די נאַציס אין לוצק, פוילן.

## לאָס-אַנדזשעלעס, קאַל.

ליובאַ און נייטן האָראָוויץ
אַל. ראָער
אכתר און שמואל דוד מילער
אַנאַ גאָרקער
יודצי מאָרדען
רעגינא גאָלדראַט
יוסף קאַראַבעלאַ
יוסף און מאיר גאָלדין
ראָוז און סעם סטעפּקין
שרה און עד האַן
בעקי און מענדל קאַנטאָר
נאַדיאַ און יאַנקל לון
דאָראַ און שלמה בעלסקי
חברטע שאַלעט
ב. ז. גאָרדאָן
רחל ליסט
בוזי און ש. סעקולער
מעימי יאַשאַן
די אַלקאַנס
די ראָסינס
די גראַנאַכס
די סענטנערס
די מארקוסעס
די בעדרינס
די דעגלינס
די ווילענסקיס
די גאָלדשטיינס
מ. בערגער
וו. שער
נתן קרעמער
וו. קעסנער
עזרא סטיין
ל. באוויקאָוו,
לזכרון זיין פרוי שרה, גע-שטאָרבן 1טן אָקטאָבער, 1948.
די פרויען לייען-קרייזן ביים איקוף.

## דעטראָיט

נאָראַ און אייזיק קעסלער
שפרה און יהושע קעסלער
בעלי און אברהם בערניקער
חיה גאָלדע און מענדל עסטרין
רבקה האַנדלמאַן
רבקה שוחט,
לזכרון איר פאָטער צבי ש״ב אָרדער פון סקווירא.
ריסי און מאָטל שניידערמאַן,
לזכרון פאָטער און שווער וועלוול ראָז.
דאָראַ פישהאָף,
לזכרון אירע עלטערן קוני און מרדכי מאיר גוטקאָווסקי.
לאה האַנדלמאַן,
לזכרון איר טאָכטער לאָראַ ראָזענפעלד.
די איקוף-לייען-קרייזן

## שיקאַגאָ, איל.

בראָניאַ, מאָטל און סידני גאָלדין
דר. ה. ליובין
סאָניא און מ. פליישמאַן
כייקע קאָטלער
מאַניאַ גערשאַנאָוויטש
סאָניא מעלניקאָוו
ביילע יאשאן
לאה קאַץ
עטל רעזניקאָוו
אסתר מילער
נ. העלד
די לייען-קרייזן ביים איקוף

## קליוולאַנד

יוסף מאָרגשטערן און משפחה
דוד מאָרגנשטערן און משפחה
נתן גאָגעליק און משפחה
סערע גאָלד,
לזכרון איר מאַן אברהם, גע-שטאָרבן 1951.
די לייען-קרייזן ביים איקוף

## אַן־אַרבאָר, מיש.

אַנאַ פינקל,
לזכרון איר מאַן מישאַ.

## באָסטאָן, מאַס.

אסתר און בערל בלאָק
אברהם באַרנשטיין
מרים קאזלאווסקי
פאַניאַ און נחום ווײַנשטיין
וואָלאָדיאַ פאָליאַק
די לייען־קרייזן ביים איקוף

## ברידזשפאָרט, קאָנ.

ליליע און אברהם לעפער

## גרעיט־נעק, ל. א.

ישראל קושנער,
לזכרון זיין פרוי חנה, אומגעקומען 1951.

## וואַשינגטאָן

קלאַראַ און מ. שולמאַן
חנה און חיים לייב
הערשל און כאסיע קאָרט
אַנאַ ווייסמאַן,
לזכרון איר מאַן לאָזער ווייסמאַן.

## לעיקוואוד, נ. דזש.

משה גראָס
לזכרון זיין פרוי יהודית, געשטאָרבן 1951.

## מילוואקי, וויס.

די משפחה מייסטער

## מינעאָפּאָליס

ה. סופאַק און משפחה

## מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

י. בעקער
נחמן רעזניק
שלום קרישטאַלקא
די פרויען לייען־קרייזן ביים איקוף.

## סאַן פּעדראָ, קאַל.

יוסף ראבינס
די משפחה קאניסטער

## מאנראָ, נ. י.

זשוליוס מאַרקוס,
לזכרון זיינע שוועסטער רוזשאַ און אסתר, זיין ברודער לייבוש מיט זייערע פאַמיליעס, אומגעקומען דורך די נאַצי־רשעים אין די שטעט בויבעריק און לעמבערג, גאַליציע.

## מעקסיקאָ

צבי קעסעל און משפחה
סוני סיגאל און משפחה
פאַליא און ליאָוואַ ביאַליק
לייבל פערעל
לאה מארגאן
אסתר און בערל בערקאָוויטש
כעליאַ און איסאַק וואַרמאַן
כילקע און ל. גרינבערג
בערטאַ און איסאַק סטאליאַר
רבקה און משה הייבלום
בעריש ראָזען
ד״ר. ב. ל. פישלעדער
אַרטורא וואָלפאוויטש
לזכרון זיין ברודער יחיאל מאיר מאַקס, געשטאָרבן 1948.

יוסף פשישוועו
לזכרון זיין פרוי רודא, געשטאָרבן 1950.
הערשל יאגאָדא,
לזכרון פייגעלען.
שרה גאָלדבערג,
לזכרון איר ברודער אהרן נח לינעטצקי, אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים.
חבר מעלצער
הברטע ברײנע

## פיניקס, אריזאנא

פראַדל און חיים נאַסאַנטשיק

## קאלגאַרי, קאַנאַדע

מ. שטיין
זיסל שײַנין
משפחה סוויטצער
דער איקוף־קרייז

## וואנקואווער, קאַנאַדע

די קאַפּלאַן־משפחה
ס. ווײַן
דער איקוף־קרייז

## פּאָרטסמוט, ווירדז.

מ. מאָס און משפחה

## נאָרפאָלק, ווירדז.

חברטע דייוויס,
לזכרון איר מאַן טוביה דייוויס.

## פילאַדעלפיע

יעקב הערצבערג
ש. דאַווידסאָן
יאָסל בראנשטיין
די איקוף־קרייזן